A Modern Lady
by
Karin Michaelis

קאַרין מיכאַעליס

# מעטע טראָפּ

## (די מאָדערנע פרוי)

ייִדיש: י. באַשעוויס

פאַרלאַג מ. גאָלדפאַרב ווארשע

1929

יעדן זונטיק פרי פלעגט דאָס יינגל ברענגען אַ קויש פיש מיט פיינעם צובייס. דאָס איז געווען אַ באַווייז פון געוויסער אויפמערקזאַמקייט מצד דעם קאַמריונקער, וואָס פלעגט יעדן זונטיק זיין צום מיטאָג ביי דער פרוי מעטטע.

אייגענטלעך פלעגט מען אין שטוב נישט מאַכן קיין שום הכנות צוליב דעם שטענדיקן גאַסט. פונדעסטוועגן האָט מען געקאָנט דערקענען געוויסע ענדערונגען. די מיידלעך האָבן זיך געהאַלטן שטילער, ווי אַלעמאָל, די פרוי מעטטע פלעגט גלייכ-העגנען די בילדער אויף די ווענט; גלייכגעלייגט די פאַנאַנדער-געוואָרפענע קישעלעך. מאַרגאָט האָט זיך באַמיט נישט צו באַנוצן אַזעלכע שטאַרקע אויסדרוקן ווי שטענדיק און דאָס שטובמיידעל האָט געגרייט צום טיש זאָרגעוודיקער, ווי אַלעמאָל.

די פרוי מעטטע איז געווען זייער גאַסטפריינדלעך און האָט זיך באַמיט. אַז אירע געסט זאָלן זיך גוט פילן אין איר שטוב. איבערהויפט דעם קאַמעריונקער האָבן אַלע זיך באַמיט אַרויסצוווייזן זייער סימפּאַטיע. ער איז געווען זייער אַן אַנגע-נעמער, באַשיידענער, אַ האַרציקער גאַסט מיט אַ געוויסער איינגעהאַלטענקייט און דער באַנעמונג, וואָס ער האָט געירשנט נאָכן שטאַם פאָן ספאַדע. ער איז געווען דער לעצטער פון זייער דור.

די קינדער האָבן אים גערופן דער פעטער ניעלס, הגם ס׳איז שווער געווען צו דערזוכן, וועלכע ס׳איז קרובה׳שאַפט צווישן דער משפחה טראַפּ און ספּאַדע.

יעדערע פון פרוי מעטטעס טאָכטער איז מיט אים געווען באַפריינדעט צוליב אַן אַנדערע סיבה.

מיט אילזעביל, דער עלטסטער פון די דריי טעכטער, וואָס איז געווען אויף דער פּראַקטיק ביי אַ גאָלד־שמיד, פלעגט ער גיין אין מוזעאומס, ער פלעגט אויסשרייבן פאַר איר פאַך־צייטשריפטן פון אויסלאַנד און איר העלפן קלויבן פאַרשידענע בערג-שטיינער. זי פלעגט דאָס טון מיט גרויס ליבשאַפט.

מיט דער צווייטער, מאַטטעען, אַ שילערין פון אַ דעקאָראַציע שולע, איז ער געווען און זייער גוטע באַציונגען. ביידע האָבן זיי געהאַט אַ פּאַסיע צו קלויבן מאַרקעס און אַרומזוכן אַלטע דאָקומענטן איבער די ביבליאָטעקן און בוידעמער. ער האָט דאָס געדאַרפט צום אויסאַרבעטן זיין יחוס.קייט.

מיט דער יונגסטער, מאַרגאָט, פלעגט ער שעהען לאַנג אַרומשווימען און רודערן אויפן טייך.

זעקס טעג אין דער וואָך, איז ער געווען פאַרנומען אַלס אַ שעף אין אַן אָפּטיילונג פון פינאַנץ-מיניסטעריום. די פרוי מעטטע פלעגט זיך מיט אים רייצן, אַז זיין פאַך-אַרבעט אינטע־רעסירט אים כמעט גאָרנישט. לויט זיינע אָנווייזונגען איז איר געלונגען אין משך פון אַ קורצער צייט אָנצוזאַמלען אַ גאַנץ שיינע ביבליאָטעק אויפן געביט פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע. זי פלעגט באַטאָנען, אַז זי געניסט פון איר זייער אַ סך.

ניעלס פאָן ספּאַדע האָט פאַרנומען אַ האַלבן שטאָק פון נישט קיין גרויס הויז אויף אַ בולוואַר. מאַרגאָט האָט געהאַלטן, אַז ער וווינט דאָרט צוליב זיין סנאָביזם. די נישט גרויסע צי־מערן, זענען געווען אַזוי שטאַרק איבערגעלאָדן מיט ביכער, כתב-יד׳ן און קאָסטבאַרע אַנטיקן, אַז יעדעס מאָל, ווען די מיידלעך פלעגן צו אים קומען זענען זיי אַרומגעגאַנגען דער־שראָקענע איבער די שטוב, מורא האָבנדיק, זיי זאָלן עפּעס נישט צעהאַקן. ניעלס פאָן ספּאַדע פלעגט אַליין אָפּרוימען דאָס

שטויב פון זיינע צימערן און די פרוי מעטטע פלעגט יעדן יאָר אויף ווייַנאַכט קויפן אים אַ פּאָר נייע, ווייסע הענטשקעס, אַ מתּנה.

אויף די אויפנאַמען, וואָס דער קאַמעריונקער פלעגט איינ-אָרדנען (אַ קלענער עס-צימער, ווו עס האָבן געקענט אַרייַן נישט מער, ווי זעקס מענטשן) זענען די דאַמען געקומען אין זייער אָוונט-טואַלעט. זיי האָבן געוווסט, אַז דערמיט פאַרשאַפן זיי דעם בעל-הבית אַ פאַרגעניגן.

דער קאַמעריונקער, אויסערגעוויינלעך גאַסטפריינדלעכער, פלעגט ספּעציעל אויסזוכן זייער אינטערסאַנטע טעמעס. ביים טיש האָט זיך געפירט אַ זייער לעבהאַפטער שמועס. צוריקוועגס האָט זיך נאָך דער וכוח געפירט צווישן די מיידלעך. עס פלעגט קוים געלונגען דער פרוי מעטטען צו פועלן ביי אירע טעכטער, זיי זאָלן גיין שלאָפן.

די דאַמען זענען בכלל זייער זעלטען געגאַנגען צו גאַסט. דעריבער האָט מען די וויזיטן ביים קאַמעריונקער פאַררעכנט צו די אַנגענעמסטע פערוויילונגען.

יעדער באַזוך האָט אָבער געהאַט עפּעס פיינלעכעס אין זיך. שפּעט אין אָוונט פלעגט דער בעל-הבית זיך אַוועקזעצן ביי זיין אויטאָמאַטישן קלאַוויר און פּאָרלייגן וואַגנערס אַ פּאָרטיטור. מיט אַלע כּוחות האָט ער באַוועגט די פּעדאַלן און אַזוי אַרום אַרויסרופן אַזעלכע קלאַנגען, וואָס פלעגן דערפירן די מיידלעך מיט דער פרוי מעטטע צו שטילער פאַרצווייפלונג.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — —

היינטיקן זונטיק נאָכמיטאָג האָט די פרוי מעטטע פאַר-בראַכט איינע אַליין מיטן הער פאָן ספּאַדע. זיי האָבן זיך געזעצט צו אַ גלאָז שוואַרצע קאַווע און דער קאַמעריונקער האָט גלייכ-נעלייגט די קישעלעך, דערנאָך דערלאַנגט פּאַפּיראָסן דער פרוי מעטטע און אַליין פאַרייכערט אַ ציגאַר.

זיי זענען געזעסן שטיל. געטרונקען קאַווע און ס'איז זיי גוט געווען בײנאַנד.

דער קאַמעריונקער האָט זיך צוגעבויגן צו דער פרוי מעטטע:

— מיר האַלטן זיך זייער אויפריכטיק.

— איך קלער, טייערער ניעלס, אַז דו האָסט אַ סך צייט אַוועקגעגעבן, ביז ביסט צום שכל דערגאַנגען.

— ס'איז קיין ווונדער נישט, ווי עס זאָל נישט זיין, איז מען אַשקלאַף פון דער אייגענער לאַגע. איך מוז דיר מודיע זיין, אַז מיין הסכמה מיט דיינע פרייע אַנשויאונגען, האָט מיך געקאָסט זייער אַ סך געזונט.

— דער סוף באַצאָלט אָבער פאַר אַלעם: יעצט איז אונז דאָך גוט צוזאַמען. פון דער צייט אָן, וואָס די ליידענשאַפטן פאַרנעמען ביי אונז קיין אָרט נישט, שאַפן מיר מיט זיך אַ מוסטער פון אַ צוגעפּאַסט פּאָרפאָלק".

— אין דער אמתן האָסטו אַלץ איינגעאָרדנט אויסערגעוויינלעך באַקוועם, נאָר טיילמאָל פיל איך אַ ביטערקייט אין מויל פון דעם איבערפלוס פון באַקוועמלעכקייט. אָפט, ווען איך בין אַליין אין שטוב האָב איך צו זיך אַ געפיל פון העכסטער פאַראַכטונג.

— דאָס איז די שולד פון דיינע אבות, וואָס קוקן אַראָפּ אויף דיר פון דיינע ווענט.

—פאַרפאַלן, מ'קען אָבער פון זיך נישט אויסוואָרצלען דעם געפיל פון ווירדע.

—דאָס אַלץ איז איבריק, ניעלס, דיין כבוד איז סיי ווי סיי אומבאַפלעקט ווי די ווייסקייט פון דיין פראַק-העמד. בכלל קום איך צו דער איבערצייגונג, אַז איך בין נישט קיין אַנטשפרעכנדע פריינדין פאַר אַ מענטש מיט דיינע איבערצייגונגען.

—ס'גייט מיר שוין נישט וועגן אונז, אונזערע באַציונגען זענען סיי ווי סיי אידעאַלע, איך האָב עמעץ אַנדערש אין זינען.

—דו שטעלסט דאָך דיר נישט פאָר, אויף איין רגע אַפילו, אַז דעם קינד זאָל קענען זיין גוט אין דער געזעלשאַפט פון דיינע פאָרצעלייענע פאַסטערקעס. ווען דו זעסט, ווי די מיידלעך ברויען אַרום פריי אין גאַנצן הויז, האָסטו דען נישט קיין איינדרוק, אַז זיי וואָלטן דיין שטוב צעטראָגן אין משך פון אַ קורצע צייט?

— פאַר אַ יונג מיידל זענען נישט גענוג בלויז די גוטע באַדינגונגען אין שטוב. זי דאַרף האָבן געזעלשאַפט, דאַרף זיך איינלעבן מיט מענטשן, זי מוז קריגן פיינע באַנעמונג. דו ער־ציסט דיינע קינדער אויף פרא אדמס.

— יעדנפאַלס אויף אָריגינעלע פרא אדמס, וואָס קענען אין משך פון איין שעה איבערדרייען די שטוב מיטן קאָפּ אַראָפּ און די פיס אַרויף. וואָס שייך דער סביבה זייערע, האַלט איך, אַז זיי פילן זיך אַפּבעסטן אין זייער אייגענער געזעל־שאַפט, כאָטש...

— ס׳קען דאָך אָבער קומען אַ טאָג...

— איך ווייס, אַז דו וואָלסט געוואָלט, דאָס מיידל זאָל טון אַ גוטן שידוך, אַריינקריגן זיך אין אַ בכבודע משפחה און דו האָסט מורא, אַז איך זאָל נישט שטיין אין וועג.

— מעטטע!

איך ווייס, איך ווייס, פאַרשטיי אָבער, אַז מ׳קען נישט די וועלט איבערמאַכן...

— וואָלט איך כאָטש גענוג רייך געווען און געקענט דיר פאַרגרינגערן דיין לעבן.

— דו שטעלסט דיר באמת פאָר, אַז איך שטרעב צו האָבן אַ פאַרלייכטערט לעבן דורך עמעצן?

— דו שלעפּסט אָבער דעם גאַנצן עול פרנסה אויף דיינע פּלייצעס...

— דו וואָלסט בעסער געוואָלט, איך זאָל זיין אָפּהענגיק פון דיין גרויסמוטיקייט.

— אַזוי דאַרף זיין מעטטע. דאָס אָרט פון די מוטער איז ביי אירע קינדער און דו קענסט מיט זיי צוזאַמען נישט זיין,

—ס׳איז מיר באמת צו שווער צו זיין גלייכצייטיק מיט איזעביל אין וואַרשטאַט, מיט מאַטטען, כדי זי זאָל זיך נישט צעבלוטיקן קיין פינגער און וואָרנען מאַרגאָטן, זי זאָל נישט צופיל אָנשטרענגען די אברים, ביי די פאָרסיווע איבונגען...

דער קאַמעריונקער האָט אַ שמייכל געטון.

—ס׳איז דיך שווער צו דערגיין. זיי מיר מודה, מיין

טייערע אויפריכטיקע פריינדין, ווי איז דער מצב פון דיינע פינאַנסן?

— נאָ, נאָ, איך בעט דיך זייער...

זי האָט ענערגיש פאַרקלאַמערט די פויסטן.

— איך קען יעדערן דרייסט ווייזן מיינע רעכן-ביכער, וואָס ווערן מוסטערהאַפט געפירט.

— מעטטע, איך האָב געהערט, אַז דו שפּילסט אויף דער געלדע.

— ווי דורכדרינגלעך דו ביסט! אמת, איך האָב אַמאָל ספּעקולירט אויף דער געלדע, נאָך איידער איך האָב דיך געקענט.

— דו לאָזט זיך אַריין אין האַזאַרד?

— זאָג מיר, צי דו ערלויבסט עמעצן זיך אַריינמישן אין דיינע פּערזענלעכע ענינים?

— איך האָב שוין גאָר קיין רעכט נישט דערצו?

— ליידער, האָבן פריינד אַלעמאָל אַמאָנאָפּאָל אויף נישט דיסקרעטע פראַגן!...

— קענסט מיך אַפילו אָנרופן נישט דיסקרעט, נאָר זאָג מיר דעם אמת.

— גאָט זיי דאַנק, וואָס מיר זענען נישט קיין פאָרפאָלק. ס'דאַכט זיך מיר, אַז איך וואָלט געווען פעיק צו זעלבסטמאָרד, ווען כ'וואָלט געווען צוגעבונדן צו עמעצן כאָטש מיט איין פאָדים... ניעלס, הער און געדענק, אַז ביז יעצט האָב איך מיר אַן עצה געגעבן אַליין, און איך האָף, אַז ווייטער וועל איך זיך אויך באַגיין אָן קיינעמס הילף און...

און אויב נישט?

— וועט זיין ערגער פאַר מיר.

— ס'פּעקולאַציע איז אַ געפערלעכער ספּאָרט.

— רודעריי קען אַמאָל אויך זיין פאַרבונדן מיט געפאַר.

— איך וויל דיך דערמיט נאָר וואָרנען.

— דער העכסטער אויסדרוק פון נאַיווקייט, איז צו גלויבן און וואָרענישן.

— איך בין זייער אומרויק וועגן דיר.

— ניעלס, זאָג דעם אמת, דו זוכסט יעצט אַן אויסרייד, ווי אַזוי מיר צו געבן אַ סומע געלט...

— און ווען אַפילו יאָ...

— איינס פון מיינע צען געבאָט איז: זאָלסט קיינמאָל ביי דיינע פריינד נישט באָרגען קיין געלט.

— אפשר וואָלט איך געקענט הערן אויך די איבריקע?

— איך האָב מורא, אַז זיי וועלן דיר שטערן דעם שלאָף. געלעכטער אָן אַ זייט! איך דאַרף באמת גאָרנישט;

—פון דיין געהאַלט קען מען דאָך אָבער נישט אויסהאַלטן קיין שטוב?

— אַחוץ דעם האָב איך אַ טאַנטיעמע.

— זאָג מיר צו, אַז און פאַל פון מיסערפאָלג וועסטו זיך ווענדן צו מיר!

— דו גלויבסט באמת, אַז דו וואָלסט מיך דאַמאָלט געקענט אַרויסראַטעווען?

— אַלץ, וואָס איך פאַרמאָג, געהער אויך צו דיר.

— מיר פאַרמאָגן דאָך ביידע גאָרנישט!

— מעטטע!

— אום גאָטנס, ווילן, לאָמיר איבערגיין אויף אַן אַנדערע טעמע.

דער קאַמעריונקער האָט זיך אַ ווײַלע פאַרטראַכט, איידער ער האָט געוואַגט עפּעס אַרויס צוזאָגן.

— אייגענטליך, האָב איך בדעה צו פאָרן קיין פראַנקרייך. איך האָב דאָרט אויסגעפונען אַ פּאָר כתב־ידן, וואָס אינטערעסירן מיך שטאַרק. אַגב, עפנט מען דאָרט אין דער זעלבער צייט אַן אויסשטעלונג פון דעקאָראַטיווע קונסט. ווי מיינסטו איל זעביל און מאַטטעען וואָלטן נישט הנאה געהאַט, ווען...

— ווילסט זיי מיטנעמען מיט זיך? איינגעשלאָסן!

— צי דער פּאַר, ווייל דאָס פּאַסט נישט?

— יאָ און ניין. די קינדער איז אַמבעסטן אין דער היים. און אַחוץ דעם...

— וואָס?

— איך האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין סודות פאַר מיינע טעכטער, וואָס שייך מיין פערזאָן, נאָר ־אויסער־דעם איז... אַ פונקט.

— דו מיינסט, אַז זיי פאַרטראַכטן זיך קיינמאָל נישט איבער דער פראַגע?

— אַנטשולדיק, נאָר איך בין זיכער, אַז זיי קלערן קיינ־מאָל נישט דערוועגן. זיי זענען אינגאַנצן באַשעפטיקט מיט דער שטוב, אַרבעט און פאַרווייל[ו]נגען. דו וועסט זען, אַז זיי וועלן אויסוואַקסן אויף זייער פלייסיקע אַרבעטערינס.

— איך האַלט אָבער, אַז ס'איז געווען זייער לייכטזיניק פון דיין זייט דאָס, וואָס האָסט זיי אָפּגענומען פון דער שולע אַזוי פרי.

— כ'האָב בלויז גענומען אין אַכט, זייער אייגענעם ווינש. זאָלן זיי אויסנוצן זייערע פראַקטישע פעיקייטן

— צי וואָלט נישט געווען גלייכער אַז מאַטטעאַ זאָל זיך אויסקלויבן דעם וועג פון וויכנשאַפט? זי פאַרמאָגט אין זיך גרויסע פעיקייטן און אַן אויסערגעווינלעכע פלייסקייט. אָבער אין דיר, מעטטע, זיצט היינט דער גייסט פון להכעיס. וואָס איז דיר?

— איך בין פאַרליבט

— איך האָב שוין פון לאַנג אַזאַ איינדרוק.

— דו פרעגסט זיך נישט אַפילו אין וועמען?

— ניין, איך וויל בעסער נישט וויסן.

— איך גלויב דיר נישט. צי איז דען פאַראַן פאַר אַ הע־ראָלדיק אַ גרעסערער תענוג, ווי פאָרשן יענעמס סודות?

ס'זענען אָבער פאַראַן אַזעלכע סודות, וואָס אַפילו אַ העראָלדיק באַמיט זיך זיי אויסצומיידן.

— ווען דו וואָלסט וויסן, ניעלס, ווי אָפט איך באַדויער, וואָס איך בין נישט קיין קאַטויליקערין, איך בענק טיילמאָל נאָך אַמעניטש, פאַר וועלכן איך זאָל זיך קענען מתודה זיין.

— צו דער ראָלע טויג איך זיכער נישט. איך האָב נאָך נישט באַוויזן זיך צו באַרואיקן נאָך דעם לעצטן געשעעניש

— אָ גאָט! ווי לאַנג דאָס איז שוין! איך האָב אַן איינ־דרוק, אַז דאָס האָט קיינמאָל נישט עקזיסטירט. איך האָב דיר דאַמאָלט דערשלאָגן מיט מיין אָפנהערציקייט, נאָר איך בין מודה, אַז איך האָב זיך נישט געקענט באַהערשן.

— דאָך, האָסט דו געפונען גענוג שטאַרקן ווילן, מיר נישט אויסצוזאָגן דעם נאָמען...

— דאָס האָט נאָך צוגעפּעלט! איך בין אַזוי אויך געווען נישט גענוג אויפריכטיק!

— ווען מיר האָבן זיך געטראָפן איז שוין אַלץ געווען פאַרביי.

— און מיינע דאַמאָלטדיקע בריף! אַלץ אָן קיין שום שכל, ווי דאָס גאַנצע דאַמאָלטדיקע לעבן! אויף וויפל ס׳איז אָבער געווען נאַריש אויף אַזוי פיל איז עס געווען וווּנדערבאַר.

— דו קלערסט, אַז דיינע איצטיקע רייד פאַרשאַפן מיר פאַרגעניגן?

— אין באַצוג צו דיר בין איך אַלעמאָל געווען און איך בין אויפריכטיק. די זון האָט נאָך קיינמאָל מסתמא אַזוי שיין נישט געלויכטן, ווי דאַמאָלט, און ס׳האָבן נאָך קיינמאָל צוויי דערוואַקסענע מענטשן נישט אַזוי שטאַרק געצאַפּלט און שגעון ווי מיר, — מיר האָבן געלאַכט פון פרי ביז שפּעט ביינאַכט, ביז צום איינשלאָפן, ביז אַלץ איז פאַריבער, דו ווייסט דאָך, אַז ביי מיר קען קיין זאַך נישט לאַנג דויערן.

— און יעצט?

— דאָס לעבן אָן זון און שמייכלען, אַפילו אָן טרערן, איז נאָר אַ מכה, וואָס ציט אָן אין מיר, רייסט און טוט וויי.

— האַק זי אויף, מעטטע! דאָס וועט דיר גרינגער מאַכן!

— שוין צו שפּעט, טייערער פריינט, איך בין שוין פאַרסמ׳ט. וועסט מיך אפשר האַלטן פאַר אַ היסטעריקערין, נאָר גלויב מיר, אַז כ׳פיל פּשוט אַ פיזישע ווייטאָק, איך וועל מסתמא בקרוב שטאַרבן אויף אַ ראַק!

— צי ווילסטו מיר זאָגן דערמיט, אַז אַ געהיימניספולער צוזאַמענטרעף זאָל דיר נישט אָפּ מיט געגנזייטיקייט?

— דאָס איז אַ מענטש, וואָס נעמט ליבע זייער ערנסט

און טויט, פונקט פאַרקערט ווי איך.

דער קאַמעריינקער האָט שווייגנדיק פאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס.

— ביים רויכערן איז דער שכל קלאָרער.

— דו וואָלסט באַדאַרפט זיין מיין ברודער, ניעלס,... אָדער ניין, ברידער משפט׳ן צו שטרענג זייערע שוועסטער. דו קענסט מיך און רודפסט מיך נישט. איך האָב געמיינט, אַז איך בין שוין נישט פעיק צו שגעונות. ווי מ׳קען דאָס קיינמאָל קיין זאַך נישט פּראָוויסזען! ווי ס׳ווייזט אויס, שלאָפט דער טייוול קיינמאָל נישט! כ׳בין געראָטן אין מיין פאָטער. ס׳איז מיך נישט מקנא צו זיין מיט אַזאַ ירושה. שמועסנדיק אַזוי, האָבן מיר אינגאַנצן פאַרגעסען אָן גאָטס וועלט. צי האָסטו נישט צוגעזאָגט מאַטעען, אַז וועסט איר איבערקוקן די מאַרקעס פון באַטאַוויע?

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער שענסטער טאָג אינ׳ם לעבן פון די מיידלעך, איז געווען דינסטיק.

מאַרגאָט האָט אַמאָל באַמערקט:

ס׳וואָלט ווערט געווען דעם דינסטיקדיקן טאָג אָנצורופן זונטיק. ס׳וואָלט געווען אַסך ריכטיקער.

די שוועסטערן זענען אינגאַנצן מסכים געווען מיט איר. זיי האָבן פאָרגעלייגט, מ׳זאָל מאַכן צוויי דינסטיקן אין דער וואָך. פרוי מעטטע האָט נישט געוואָלט הערן דערפון און געטענה׳ט, אַז אַפילו דעם איינעם דינסטיק איז אויך שווער אויסצוהאַלטען אין שטוב.

ס׳איז געקומען אַ צייט, ווען מ׳האָט געמוזט זיך אָפּזאָגן אין משך פון צוויי חדשים פון די דינסטיקדיקע קאָנצערטן און טעאַטערן. צוויי חדשים שטוב - אַרעסט, טעלעפאָנישע אָנפראַגן און וויזיטן אין שפיטאָל, וואָס זענען געווען פול מיט מורא איינגעטוליעט, ביז איבער די אויערן, אין וואָלענע קאָצן, האָט דער פעטער פרעבען, וואָס איז געווען קראַנק אויף גלידער-אָנצינדונג, געקעמפט מיטן טויט

שפעטער פלעגט ער דערציילן, אַז צוליב רחמנות האָט אים גאָט

נישט צוגענומען צו זיך. ער איז שטאַרק אויסגעמאָגערט געוואָרן. די קרענק האָט בכלל זייער שלעכט געווירקט אויף זיין שטימונג. דאָך, האָט זי נישט באַוויזן אָפּצוגעווינען אים פון זיין אומ־פונקטלעכקייט. בשעת די דינסטיקדיקע מיטאָגן האָט מען קיינ־מאָל נישט געקענט וויסן בערך אין וועלכער שעה וועט דער גאַסט קומען, הגם ער פלעגט שטענדיק האַלטן וואָרט. ווען ער האָט אָפּגעפירט זיין מוטער נאָך וויסבאַדען, אָדער אויף דער ריוויערע, פלעגט ער קענען אָפּזיצן אין וואַגאָן 36 שעה, כדי באַוויזן צו קומען אויפן דינסטיקדיקן מיטאָג. גלייך פון דעם באַנהויף איז ער געקומען גלייך אין דער ווילע אַ פאַרשטויב־טער און שמוציקער.

דאָס כסדר׳דיקע אָפּוואַרטן יעדן דינסטיק, פלעגט אַריינ־ברענגען אַלעמען אין אַ שלעכטע שטימונג: מ׳האָט באַשלאָסן צו מאַכן אַ סוף דערצו און אַליין זיך זעצן צום מיטאָג. די דינסטן האָבן שטאַרק דורך ארץ געהאַט פאַרן פעטער פרעבען. (זיין פאָטאָגראַף איז געהאָנגען אין דינסט צימער צווישן די בעטן). זיי זענען אויך געווען שטאַרק אומצופרידן מיט זיין אומפּינקטלעכקייט.

ס׳איז אָבער געווען געוועזן, אַז דער גאַסט זאָל זיך באַווייזן אין דער טיר. כדי די שלעכטע שטימונג ביים עולם זאָל אַ דורך. „אויפן הער פרעבען קען מען זיך נישט בייזערן״ — אַזוי פלעגן זיי טענהן, פרעבען האָט אַלעמאָל געהאַט צייט און קיין באַשטימטע שעה האָט פאַר אים נישט עקזיסטירט. מ׳האָט קיינ־מאָל נישט געקענט רעכנען אויף אים. אינדערפרי טעלעפאָנירט ער. אַז ער וויל אומבאַדינגט היינט ביינאַכט שפּילן מאָצאַרטס קאָנצערט און ר׳איז אַזוי שטאַרק אויסגעהונגערט צו מוזיק. אַז פאַר האַלבע נאַכט, וועט ער נישט אויפהערן שפּילן. בשעת׳ן מי־טאָג אָבער ציט ער זיך רויק אַרויס פון קעשענע בילעטן אין טעאַטער. שטיקנדיק זיך מיטן ביסן מוז מען שנעל אַראָפּשלינגען דאָס מיטאָג, כדי צו באַוויזן כאָטש אויפן צווייטן אַקט. איינ־מאָל האָט ער אָנגעבעטן די פרוי מעטטע זי זאָל קויפן פאַר אַלעמען בילעטן אויף „וואַלקיריע״ אויפן וועג צו דער אָפּערע,

האָט ער פלוצלינג געהייסן אומקערן זיך דעם סטאַנגרעס. טענה-נדיק, אַז נאָך דעם היינטיקן טאָג וועט ער קענען ווייזן די פריילינס עטלעכע מאָדישע־טענצערס אין קאַבאַרעט, אָן אַנדערש מאָל שמועסט מען זיך אָפּ אויף אַן אויספלוג. אַלע קליינינקייטן זענען שוין צוגעגרייט, דאָס עסנוואַרג זענען שוין אַריינגעלייגט און די קוישן אין דער בריטשקע און דעם פעטער פרעבען איז אומעגלעך אַוועקצורייסן פון פידל.

— וואָס מאַכט דיין מאַמע? — די גנעדיקע?

— אַ דאַנק. נישט ווי אַמבעסטן, דער רעוומאַטיזם מאַטערט זי אויס. לעצטנס, ווען די קו האָט זיך נישט געקענט קעלבן, איז די מאַמע אַרויסגעלאָפן גלייך פונם בעט אין שטאַל אַריין... איך ראַט איר לעצטנס צו ליינען „פּאָלעמיק ווענן פּאָליטיק” העלבערגס. איך האָב דיר געזאָגט, אַז לעצטנס האַלט זי שטאַרק פון אים און פון ליפּע-בלעטלעך.

— ביסט אַ אידעאַלער זון, פרעבען.

— דהלוואַי וואָלסטו דאָס געקענט זאָגן מיין מאַמען, יעדן טאָג חזרט זי מיר איבער, אַז איך מאַך איר דעם טויט. יאָ, אַגב, האָט די מאַמע געהייסן אייך הערצלעך גריסן.

די פרוי מעטטע האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק די לעצטע ווערטער. די אויסגעטראַכטע גרוסן האָבן געהערט צו די אומשולדיקע ליגנס פונם פעטער פרעבען.

מיטאַמאָל איז פרעבען שטאַרק טרויעריק געוואָרן.

— אָך, מיט דער מאַמען איז זייער אַ ביטער עסק. זי וויל מיר איינגאַנצן קיין געלט מער נישט געבן, אַזוי ווי ס'וואָלט זיך געהאַנדלט אין מיליאָנען.

— איך פאַרשטיי דערפון גאָרנישט.

— כ'וועל זיך מוזן אָפּזאָגן פון דער קלאַטשע פון סעבּיס-האָף. זי האָט אונטער זיך פיינע דורות און וועט האָבן נאָך מער ערפּאָלג פון דאַרלינגן.

פרוי מעטטע האָט זיך האַרציק צעלאַכט.

— מאַרגאָט פאַרהיילט אַלע צרות מיט שטרוי, און מיט זייפנבלאָזן. אפשר וועט דאָס דיר אויך העלפן?

— אַך, כ׳וואָלט בלי ספק פאַרזעצט מיין נשמה, כדי צו קענען ז אָבן די קלאַטשע.

דיין אָרימע נשמה, דו וואָלסט דאָך קיינמאָל נישט געהאַט קיין געלט זי אויסצוקויפן.

— דו האָסט נישט קיין מינדסטן פאַרשטאַנד און ליבע צו חיות. ווען כ׳וואָלט געווען אַ פּאָעט, וואָלט איך אָנגעשריבן אַ אָדע לכבוד די קלאַטשע.

— נאָך די ווערטער האָט פּרעבען פּלוצלינג אַוועקגעלייגט דאָס מעסער מיטן גאָפּל. ער האָט אָנגעקוקט די מאַמע. און דערנאָך ,אירע טעכטער.

— דו ווייסט, מעטטע, אַז מאַרגאָט האָט דיינע אויגן ?

— פּעטער פּרעבן, צי ביי אייך אין גוט, עסט מען קוראָ-פּאַטוועס מיט די פינגער ?

— וואָס איך טו אַלץ אָפּ, אַנטשולדיקט. יאָ, אַגב, צי האָב שוין אייך דערציילט, אַז יענע וואָך בין איך געווען פאַרבעטן אויף מיטאָג צום מלך ? אַך ווי מיין מאַמע האָט מיט מיר פריער מושטירט. צי האָסטו אַ טיכעלע צו דער נאָז ? די אויערן זענען ריין אויסגעוואַשן ?

— כ׳בין זיכער, אַז די מאַמע האָט זיך דאָס נישט גע-פרעגט.

— נו, איז יעדנפאַלס עפּעס ענלעכס. איר גלויבט נישט, ווייל איר קענט זי נישט. נאָך היינט איז זי גרייט מיך אַריבער-צולייגן איבער די קני, ווען נישט דער איסיאַזש, וואָס שטערט איר דערצו. — מעטטע, וואָס האַלסטו וועגן אַן נסיעה נאָך מאָנטע קאַרלאָ. אין משך פון דער היינטיקער נאַכט, האָב איך אויסגעקלערט אַ נייעם סיסטעם פון שפּילן.

אין מעטטעס אויגן האָט זיך באַוויזן אַ שטראַל. זי האָט שווער געאָטעמט.

כ׳וועל אייך ערגיץ נישט פאָרן.

— אין משך פון צוויי שעה וועלן מיר צעקלאַפּן דעם באַנק.

— לאָז צורו, פּרעבען.

— כ'זע דאָך אַז דו האָסט דערצו חשק.

— בעת דער נסיעה נאָך אַמעריקע, פלעגט דאָך די מאַמע שפּילן מיט וועמען ס'האָט זיך נאָר געלאָזט.

— פּסט! פאַר פרעמדע רעדט מען נישט דערוועגן.

— אָבער מאַמע, צו איז דער פעטער פרעבבען אַ פרעמדער?

— ערלויב כאָטש איינער פון דיינע טעכטער מיט מיר צו פאָרן.

— אין אַ ראָל פון אַ באָנע?

— ווי די פאַרשטייסט...

— אַך, מאַמע, איך וואָלט, אַזוי שטאַרק געוואָלט, כאָטש איינמאָל קענען אַהינפאָרן. כ'וועל דיר אַוועקגעבן דאָס גאַנצע געווינס.

— ווי לאַנג איך לעב, וועט זיך קיינער פון אייך זיך נישט צורירן צו קיין רולעטקע און וועט נישט נעמען קיין קאָרטן אין דער האַנט אַריין.

— באמת, דו ווערסט אַלץ מער קליינבירגערלעך, מעטטע. פאַר וועמען האָט גאָט באַשאַפן תענוגים, אויב נישט פאַר מענטשן, וואָס זאָלן זיך מיט זיי קוויקן. נאָך דערצו מאָנטע קאַרלאָ, מאָנטע... קאַרלאָ, מעטטע.

— גענוג דערוועגן. דו ווייסט אַליין אַז מיינע ווערטער האָבן אַ גרונד.

— דו דערמאַנסט מיר אָפּט אַ דירעקטאָרין פון אַ פענסיע פאַר דערוואַקסנדיקע פריילנס. יאָ, אַגב, אויב כ'לויף תיכף נישט אַהיים איז דער קאָמאָרניק גרייט צו לייגן אַן אַרעסט אויף די גרויע האָר פון מיין מאַמע.

— צו איז באמת אַזוי שלעכט מיט אייך?

— נאָך ערגער. דו וועסט זען מ'וועט מיך נעמען אונטער אַ קוראַטעל. פון צוויי קאָראָנען אַ וואָך הייסן זיי זיך נאָך אָפּגעבן אַ דין וחשבון. ווען נישט מיין מאַיאָראַט, וואָלט איך שוין פון לאַנג געמוזט קערן די גאַסן.

— אָדער צעטראָגן איבער די הייזער באַנאַנען אין די קיישן.

— איז שוין בעסער זאָלסט אַרומגיין איבער די הייף מיט אַ קאַטאַרינקע.

— גוט, אָבער ווי אַרום קריגט מען אַרויס פון דער מאַמען געלט אויף אַ בילעט נאָך מאָנטע־קאַרלאָ?

— ס׳איז פאַראַן דערויף אַן עצה, פּרעבען, צו געבן זיך אַ קויל אין קאָפּ אַריין.

— צו אַלדי טייוול, ווי אויף להכעיס איז נאָך אַזוי לאַנג צו די פערד־געיעג אויב „קווין אַנע״ וועט געווינען, וועל איך זי פאַרקויפן מיט גרויס האַרצווייטיק. דאָס וועט מיך אָפּראַטעווען באָטש אויף צוויי קוואַרטאַלן.

— אָבער, אַליין וועסטו דאָך אויף איר נישט פאָרן בשעת די פערד־געיעג?

— כ׳קלער, אַז כ׳וועל מוזן. דאָס איז אַ קלאַטשע, וואָס פאַרטראָגט קיין שום אַנדערן מענטש אויף איר רוקן.

— און דיין האַרץ, פּרעבען...

— נו, אויף אַזאַ טויט קען איך זיך ערלויבן.

— אָט, און איך וואָלט בעסער געוואָלט שטאַרבן הערנדיק קאַסאַלסנס מוזיק.

—כ׳גלויב דיר. הערנדיק קאַסאַלסן האָט מען דעם איינדרוק, אַז מ׳ווערט לעבעדיקערהייט איבערגעטראָגן אין גן־עדן.

— מ׳איז אויפגעשטאַנען פון טיש. אילזעביל האָט אַריינגעבראַכט קאַווע און איז תיכף אַרויס פון צימער.

— אמת, אַז אילזעביל איז שיין?

— וואָס, שיין? וווּנדערבאַר! ווען זי גיט אַ קוק אויף אַ מענטש מיט אירע אויגן פון אַ אומשולדיק קינד, דרינגט זי דורך זיין נשמה און מ׳דערפילט אַן עקל צו זיך אַליין... און ווען כ׳גיב אַ קלער, אַז אַלע דיינע טעכטער, וואָלטן געקענט זיין מיינע טעכטער...

— ניין, זיי וואָלטן נישט געקענט זיין...

— פאַרוואָס? כ׳בין מסופק צו זיי וואָלטן געווען אַזוי געראָטן ווען זיי וואָלטן געווען טעכטער נאָר פון פּרעבען גראַצע,

— וואס פאַראַ אמת!

— אָ, איך בין דאַמאָלט געווען שרעקלעך נאַריש. כ׳האָב געדאַרפט מיט כוח דיך אַוועקשלעפן צום אַלטאַר.

— צו פאַר די האָר? אַ פרוי דאַרף זיין אונטערטעניק דעם מאַן—אַזוי זאָגט די הייליקע תורה.

— צי האַלטסו, אַז ס׳איז שוין די העכסטע צייט מיר זאָלן אויסזוכן אַ פרוי פאַר דיר?

— מיין מאַמע טוט עס שוין אין משך פון צוואַציק יאָר.

— דו דאַרפסט דאָך האָבן יורשים.

— דו אַליין ווילסט מיך נישט. געב מיר כאָטש איינע פון דיינע טעכטער.

— זיי אַזוי גוט און שלאָג דיר אַרויס דעם געדאַנק פון קאָפּ.

— אַ שאָד, מיר וואָלטן געהאַט באַלד אַ פאָלקאָמען אָר־קעסטער אין שטוב.

— כ׳צווייפל דערין, ווייל נאָר מאַרגאָט איז מוזיקאַליש.

— מעטטע, דו וועסט מסתמה פון מאַרגאָט נישט מאַכן קיין אַקטריסע.

— מאַכן אַן אַקטריסע?... צי איז זי דען שוין יעצט נישט דאָס?

— זי וואָלט עפנטלעך אַרויסגעטרעטן... פאַר געלט?

— פרעבבן, טייערער פרעבען, לאָמיר שוין ענדיקן דער־מיט, ווייל אונזער געשפרעך קען אַוועקגיין אויף געפערלעכע וועגן.

— מעטטע!

— די קינדער וועלן גיין אויף דעם וועג, וועלכן זיי וועלן אַליין אויסקלויבן.

— און אויב דער וועג וועט זיי אוועקפירן אינעגהינום?

— וועלן זיי אַריינגיין דאָרט אַהין גלייך, אָן קיין שום וואַקלעניש.

— אַ טייוולאָנישע גלייכקייט!

— יעדן טאָג דאַנק איך גאָט פאַר איר.

— מעטטע, דעם צווייטן חודש פאָרט מיין מאַמע אַוועק קיין מענטאָן.

— דו וועסט זי אָפּפירן?

— און דאַמאָלט...

— כ'בעט דיך, הער אויף.

— די מאַמע וואָלט געוועז זייער צופרידן...

— וואָס מעטטע טראָפּ האָט איר אָנגעטאָן דעם כבוד...

— וועסט זיך איבערצייגן, אַז מיר האָבן אַ פּרעכטיקע אַקוסטיק אין זאַל. אַחוץ דעם האָט מען אויפגעשטעלט אַ נייעם אויוון...

— דו וועסט באַלד אָנהויבן דיינע פאָרשלאַגן; בייטאָג אויף יאַגד אין אָוונט שליטן און ביינאַכט — אַ קוואַרטעט.

— דו ווילסט אפשר אַז מיין מאַמע זאָל דיר שיקן אַ שריפטלעכע איינלאַדונג?

די פרוי מעטטע האָט הויך אַ פייף געטון און די מיידלעך זענען אַריינגעפאַלן אין צימער.

— דער פעטער פרעבען בענקט שטאַרק נאָך מוזיק.

מאַרגאָט איז אַוועק ברענגען איר וויאָלאָנטשעל. זי איז צוריקגעקומען טולענדיק דעם אינסטרומענט צו זיך ווי אַ געליבטע ליאַלקע.

מ'האָט אָנגעהויבן צו סטראָיען די אינסטרומענטן. די פרוי מעטטע האָט זיך באַקוועם אַריינגעזעצט אין פאָטעל און מיט אויפמערקזאַמקייט זיך צוגעהערט צו דער מוזיק

— דו שפּילסט במעט ווי צו־שיין, פרעבען.

אין אַ רגע אַרום האָט מען צוגערופן צום קלאַוויר. די קינדער האָבן געוואָלט שפּילן טשאַיקאָווסקיס טריאָ. כאָטש די פרוי מעטטע האָט געשפּילט מיט איר גאַנצע גערירטקייט, האָט זי דאָך נישט געקענט זיך פאַרגלייכן מיט די איבעריקע. אילזעביל, מאַטטעאַ און זייער פאָרטנער זענען געווען גערירט פון די ליבּ־ווערטער. די פרוי מעטטע האָט קלאָר געוווסט, וואָס זי קען.

— כ'בין אפשר אַ ווירטואָזין, נאָר אין קיין פאַל נישט קיין קינסטלערין.

זי איז אַפילו קיין ווירטואָזין נישט געווען.

— דאָס איז גאָר אַ דאַנק דער פּוילקייט — האָט זי מאַרגאָט פּאַרטיידיקט. ווען די מאַמע וואָלט געוואָלט אַוועקגעבן אויף איבונגען אַזויפיל צייט ווי איך, וואָלט זי אונז אַלעמען געדעקט. אמת, פּעטער פּרעבען?

אַוודאי — האָט פּרעבען מסכים געווען, הגם אַליין האָט ער געקלערט וועגן דעם גאַנץ אַנדערש

— ווי וואָלט איר זיך באַציִגן צו אַ נאַכט-אויספלוג צו דער וועלפּישער-הייל? דער הימל איז אַזוי אויסגעשטערנט, כ'האָב שוין באַשטעלט שליטנס. מיר וועלן אַהינפאָרן מיטן לעצטן צוג און שפּעטער וועל איך אַליין אָפּפירן מיט אַ לאַנדאַר אַ היים ס'שלאָפט זיך אין איר אויסערגעוויינלעך באַקוועם.

די מיידלעך זענען געווען אַנטציקט פונם פאָרשלאַג; די פרוי מעטטע האָט זיך אַביסל געקווענקלט.

— דאָס האָט קיין שום זין נישט. מיר מוזן אַלע מאָרגן פרי אויפשטיין און איך קען נישט קומען אַ פאַרשלאָפענע אין ביוראָ. ביוראָ, געשעפטן! ווען דו זאָלסט וויסן ווי דאָס אַלץ איז מיר נמאס געוואָרן!

— זיי דערנידעריקן דען מיך אין די אויגן פון דער געזעלשאַפט?

— אַזאַ פחדן, קרעמערישע נשמה זאָל האָבן די העזה צו טון וואָס ער וויל מיט דיין צייט, דו, אַפילו מיט דיין פּערזאָן. אייביק צו זיין אויף דער וואַך פאַר די נישטיקע פּאָר גראָשן. טפו, צום טייוול.

די פרוי מעטטע האָט זיך געווענדט צו די קינדער שמייכלענדיק:

— פאַרשטופּט אייך די אויערן מיט וואַטע, ווייל דער פּעטער פּרעבען רעדט נאַרישקייטן.

אַ פריילעכע, האָט זי אים אָפּגעמאָסטן פון קאָפּ ביז צו די פיס.

— כ'וואָלט אַסך געגעבן דערפאַר, אַז כ'זאָל דיך זען שטיין אין אַ געשעפט הינטערן בופעט. דו וואָלסט געווען אַ

פענאָמענאַלער פאַרקויפער.

— כ'וואָלט שוין בעסער געוואָלט באַאַרבעטן אייגענע פעלדער.

— נו, אויב מ'האָט דאָס גליק צו פאַרמאָגן אייגענע פעלדער; ווען נישט, דאַרף מען זיך קענען באַנוגענען דערמיט, וואָס מ'באַאַרבעט פרעמדע געשעפטן.

פלוצלינג איז דער פעטער פרעבען אַרויס מיט אַזאַ שטאַרק געלעכטער, אַז ר'האָט זיך אַזש איינגעבויגן אין דער העלפט.

— וואָס איז דיר געשען, פעטער פרעבען? האָסט זיך פאַרקייכט?

— ניין, ניין, נאָר די מאַמע, אַך די מאַמע! דו ווייסט דאָך, אַז זי איז פיל מיט פרינציפּן. ווען כ'בין געווען אַ קליין יונגעלע האָט זי מיר נישט דערלויבט צו עסן קיין מאַננע מיט מילך, ווייל דערפון ווערט מען נאַרישער. אָקסן־פלייש ווידער, מאַכט ווילד די מענטשן. ביז יעצט, ווי דו ווייסט מעטטע, פלעג איך טראָגן זיידענע וועש. מיט אַמאָל איז דאָס זיידנס פאַרשוואונדן געוואָרן און אויף זיין אָרט האָב איך געפונען אין וועששענקל... יעגער־וועש. צו קענסטו יעגער־העמדלעך?

— פאַרוואָס זאָלסטו נישט טראָגן קיין זיידנס? צו דאָס שאַדט צום האַרץ?

— וואָס? צום האַרץ אַ הייליקע נאַיווקייט! ניין! די מאַמע איז געקומען צום באַשלוס אַז זיידענע וועש טראָגט נאָר די אונטערוועלט.

מאַטטעאַ האָט געפרעגט אַ פאַרטראַכטע.

— אונטערוועלט? צו איר געהערן דאָך נאָר פרויען! פאַרשטייט זיך, קינד, דאָס זענען טאַקע מיינע ווערטער. די מאַמע האָט מיר אָבער שטרענג געענטפערט: — שווייג און רעד נישט אַנטקעגן; וואָס איך ווייס, דאָס ווייס איך און גענוג. דו וועסט מער די שוויינערייי אויף זיך נישט טראָגן.

— און אַלס אַ געהאָרכזאַמער זון...

— כ'טו אַזוי, פונקט, ווי כ'וואָלט אויסגעפילט אירע פאַראָרדנונגען. אָן פראַנצס הילף וואָלט מיין גורל געווען אַ טרויי־

קער. דער אַלטיטשקער שטעלט מיר צו יעדע וואָך אַ געהעריקע צאָל שמוציקע וועש. מיין זיידענע וועש פון מעדיאָלאַן באַהאַלט איך אין ביבליאָטעק און פערמאַך אויף אַ שלאָס. מיין מאַמע פאַר־טראָגט נישט קיין פראַנצויזישע ראָמאַנען און דעריבער גייט זי נישט צו צו מיין ביבליאָטעק.

— שעמסטו זיך נישט אָפּצונאַרן דיין מאַמען?

— גאָט מיינער, וואָס קען איך אָבער טון? כ׳קען דען זיין אויסגעזעצט אויף קרעצלעך אָדער געשווירן? צי דו האָסט בכלל געזען יעגער־וועש?

— יונגערהייט האָט די מאַמע געטראָגן אַ רויט פלאַנעלן אונטערקלייד.

— שאַ, זאָג נישט אויס קיין סודות פון דערהיים. מאַרגאָט. אַגב, בין איך נישט מאַסגעביק אין דעם פאַל, ווייל כ׳בין אַנט־לאָפן פון דערהיים.

פרעבען האָט פלוצלינג אַרומגענומען די פרוי מעטטע:

— ווייז מיר כאָטש איין מאָל דיין וואָלן אונטערקלייד און כ׳וועל באַשטיין צו טראָגן אַ גאַנץ לעבן יעגער־וועש.

פרוי מעטטע האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַ שטרענגן בליק:

— צו האָסטו באמת מורא פאַר דיין מאַמען, פעטער פרעבען?

— נאָך ווי! ווען זי איז אין רעכטן כעס, האָט קיין מענטש נישט קיין מוט זיך צו דערנענטערן צו איר. זי ברויזט דאַמאָלט, ווי אַ שטורם.

— און וואָס טוט זי דאַמאָלט?

— וואָס זי טוט? זי שפייט, ווי אַלעמאָל... מיט מיר רעדט זי בכלל נישט, זי באַמערקט מיך נישט. כ׳ווער פאַר איר גאָרנישט.

— וואָלסט אפשר געלינדערט דעם כעס, ווען דו וואָלסט איר עפעס געפרוווט שפילן?

— כ׳בין זיכער, אַז אַפילו הימלישע האַרפעס וואָלטן גאָר־נישט אויפגעטון. זי וואָלט צו זיי זיכער אַ זאָג געטון: הערט דאָרט אויף צו גרימפּלען.

— נישט קוקנדיק אויף אַלעם, האָב איך גאַנץ ליב דיין מאַמען.

פרעבען האָט זיך געגלעט זיינע וואָנסן און אַזוי אַרום גע־וואָלט אויסבאַהאַלטן זיין צעטומלקייט.

— זי איז באמת אַן אויסערגעוויינלעכע און איך בין אַ אונמענטש דערמיט, וואָס איך וואַג צו באַרעדן מיין אייגענע מאַמע. אינדעראמתן בין איך נישט ווערט איר צו פאַרבינדן אַ שנירל פון די שיך

ער האָט אויסגעזען הילפלאָז און פאַרלעגן.

— נו יעצט קינדער, טוט זיך שנעל אָן אויב מיר דאַרפן באַווייזן צום צוג און פריער נאָך אויסטרינקען אַ גלאָז טיי, איז באמת נישט דאָ קיין איין רגע צום פאַרלירן

זיי זענען געבליבן אַליין.

— מעטטע!

— פרעבען, אויגוסט, פרידריך, קלעמענס, קריסטאָף גראַאַ!

— וואָס בין איך שולדיק, אַז די צייט היילט נישט די וונדן.

— האָסט דאָך מיר געגעבן דיין ערן־וואָרט!

— אָ צום טייוול מיטן ערן־וואָרט. זאָג מיר בעסער, אַז דו האָסט היינט קיינעם נישט.

— וואָס וועט דיר שוין דערפון אַרויסקומען?

— צי קענסטו די מעשה מיטן ריטער פון טאָגעבורג?

— וואָס פאַראַ ריטער.

— ס'איז פשוט שרעקלעך, ווי די ביסט נישט באַקאַנט מיט דער ליטעראַטור. מעטטע, ווי קען מען נישט קענען שילערס פּאָעמע? מאַרגאָט קען זי זיכער פון אויסנווייניק.

— מאַרגאָט קען אַלץ פון אויסנווייניק. וואָס איז די גע־שיכטע פון דעם ריטער?

שילער הייסט זיין העלד זיצן אַ גאַנץ לעבן ביים פענצטער און וואַרטן אויף דער רגע, ווען זיין געליבטע וועט דורכגיין דורך זיינע פענצטער אין קלויסטער־בגדים.

— צו בין איך דען אַ גאָנע?

— ניין, אָבער איך זיץ דאָס ביים פענצטער און זע, ווי דו גייסט דורך פאַרביי מיר.

— מיין אָרימער!

— דו האָסט זיך קיינמאָל צו מיר ערנסט ניט באַצויגן.

— ווענעדיק, פלאָרענץ, רוים, קאַפּרי!

— באָזען, מאָנטע קאַרלאָ. אויסרעכענען קען איך אויך. כ׳בין אַלעמאָל געווען פאַר דיר בלויז אַ דורכגייער.

— אַ דורכגייער, וואָס מען פאַרגעסט אָבער נישט.

— צי קלערסטו אַז איך באַגניגן זיך מיטן נאָמען פעטער, ווען כ׳האָב רעכט צו אַ...

— ליידער איז אין מיין שטוב נישט דאָ קיין אָרט אויף קיין פאָטערס.

—כ׳זע, דו גיסט עס מיר גאַנץ דייטלעך צו פאַרשטיין.

די פרוי מעטטע האָט זיך געשטעלט הינטער זיין שטול.

— פאַרמאַך די אויגן, פרעבען! — זי האָט אַרומגענומען זיין קאָפּ.

— מיט אַ רגע צוריק האָסטו געזאָגט, אַז כ׳האָב דיך קיינמאָל נישט ליב געהאַט. צו ווייסטו, אַז ווען כ׳וואָלט דיך געמוזט פאַרלירן, וואָלט איך געטרויערט נאָך דיר, ווי נאָך אַן אייגן קינד!

ער האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט.

— דו דערפירסט מיך צו שגעון. דו פאַרשטייסט, צו נישט, אַז כ׳בין אַ מאַן פון בלוט און פלייש און כ׳וויל נישט זאָלסט מיך פאַרגלייכן מיט אַ קינד אָדער אַ פרוי.

— שטילער, פרעבען, באַרויק זיך. ס׳זענען פאַראַן זאַכן, וועלכע מ׳דאַרף נישט דערמאַנען.

זי האָט אים צוגעהאַלטן פאַר די פּאָלעס פון זיין מאַרי־נאַרקע.

— צי געדענקסטו די לעצטע נאַכט אין מאָנטע־קאַרלאָ? מיר זענען דאַמאָלט געווען איבערצייגט אַז מיר וועלן צעקלאַפּן די באַנק. צום סוף האָבן מיר געמוזט פאַרקויפן דיינע ספינקעס, כדי צו קענען אַרויס פאָרן פון דאָרט, מיר האָבן זיך דאַמאָלט

געפֿירט, ווי צוויי משוגעים, דאָך וואָלט איך נישט אַוועק־געגעבן יענע נאַכט פֿאַר די גרעסטע אוצרות פֿון דער וועלט.
— אָך, נישט נאָר די לעצטע נאַכט אין מאָנטע קאַרלאָ...
פֿאַרוואָס... פֿאַרוואָס... מיט וואָס האָב איך זיך פֿאַרזינדיקט...
פֿאַרוואָס ביסטו פּלוצלינג אַוועק פֿון מיר?
— כ'בין אַוועק אין יענעם פֿרימאָרגן, ווען מאַרגאָט האָט געוויזן די ערשטע סימנים פֿון לעבן.
— אויב אַזוי האָסטו ערשט אויפֿסניי נישט געדאַרפֿט דאַמאָלט אַוועק!
— דאָס ביסט דו, אָבער, נישט פֿעיק צו פֿאַרשטיין.
— דו ביסט אָבער נישט אומשטאַנד צו פֿאַרשטיין דעם געפֿיל פֿון ליבּ האָבן איין אײנציקן מענטש אין לעבן.
זי האָט אים אַ קוש געגעבן אין מויל.
— ווען כ'הער דאָס באַגייסטערטע שפּילן פֿון מאַרגאָט, האָב איך דעם איינדרוק, אַז איך בין מיט דיר אין איטאַליע. ס'דוכט זיך מיר, אַז דער מוזיקאַלישער טאַלענט ביי מאַרגאָט איז געבוירן געוואָרן אין דער וויללע ד'עסט, יענעם טאָג, ווען מיר זענען געווען אינגאַנצן אַליין. איך הער דעם פּלוסק פֿון וואַסער און דעם קלאַנג פֿון דיין קליין פּייפּעלע. ווי קלערסטו, ס'שווימט נאָך דאָרט אַרום אין דעם גרינעם באַסען?
— לאָמיר, אַהינפֿאָרן, וועסטו זיך איבערצייגן.
— אפֿשר אַמאָל, ווען מיר וועלן שוין זיין אינגאַנצן אַלט און רויִק, דו און איך.
פֿרעבּען האָט זיך גראָד פֿאַרשטעלט די אויגן מיט די הענט.
— דער ריטער פֿון טאָגעבורג, דער ריטער פֿון טאָגעבורג!
— שעם זיך פֿרעבּען, אַ נאָנע מיט דריי קינדער.
— מעטטע, ווי הייסט ער? צי קען איך אים?
— צו האַלסטו נישט, אַז כ'וואָלט געדאַרפֿט זיך וואַרמער אָנטאָן צו אונזער היינטיקע נסיעה מיטן שליטל? ס'וואָלטן אפֿשר צונויף געקומען די יעגערן?
— ער האָט אַ שעפּטש געטון:

גיב מיר נאָך איין קוש, מעטטע!

זי איז געשטאַנען פאַר אים מיט הילפלאָז אַראָפּגעלאָזענע [illegible]עמס און מילד גערעדט:

— צוליב וואָס? פרעבען! אַ גלעזערנע וואַנט שטייט דאָך צווישן אונז...

אין פריען פרילינג׳ אָדער אין שפּעטן האַרבסט, ווען דער שטורם ברעכט די צווייגן אויף די ביימער פון גאָרטן, אָדער ווען ער וואָיעט טרויעריק אין קאַמין, פלעגט די פרוי מעטטע שווער זיפצן:

— אומגליקלעך זענען די מענטשן, וואָס דער ווינט יאָגט זיי יעצט איבערן ים.

די קינדער האָבן גוט געוווּסט, ווען די מאַמע האָט גע-מיינט. אין טיפן האַרצן האָט מאַרגאָט געוואָלט, אַז אַ געוויסע שיף זאָל דערטרונקען ווערן צוזאַמען מיט אַלעמען. מ׳האָט אין שטוב פיינט געהאַט די בריוו, וואָס זענען געווען אַדרעסירט פון אַ נישט אויסגעשריבענער האַנט. די מיידלעך און אַפילו די דינסטן פלעגן אָפּנעמען די בריוו פון פּאָסטטרעגער מיט אַ גע-וויסן אָפּשוי. די פרוי מעטטע פלעגט דערהאַלטן די בריוו, פלעגט זי שטראַלן פון פרייד. זי האָט באַטראַכט דעם בריוו פון אַלע זייטן, האָט נאָכגעקוקט נאָכן פּאָסט-שטעמפּל און מאַרקעס. זי פלעגט תיכף שיקן סאַטעאַן נאָכן גרויסן גלאָבוס און געזוכט די פּאָסט פון וואַנען דער בריוו איז אַרויס. זי פלעגט אים אַלע-מאָל לייענען איינע אַליין.

— יאָננע זאָגט, אַז גאַל-שטיינער ווירקן שלעכט אויף דער שטימונג. כ׳בין זיכער, אַז ער ליידט דערויף.

— דו האָסט שוין פאַרגעסן, אַז די מאַמע דערלויבט אונז נישט צו קריטיקירן אירע פריינט? — האָט מאַטטעאַ געמוסרט איר שוועסטער.

— גאַל-שטיינער, דאָס איז נישט קיין שום קריטיק, נאָר אַ קרענק.

די פרוי מעטטע האָט געבראַכט אירע טעכטער פאָטאָגראַפ-יעס, וואָס זענען אָנגעקומען צוזאַמען מיטן בריוו. מאַטטעאַ האָט

געהאַט דערביי אַ געלעגנהייט אַרויסצוווייזן די געניטשאַפט אין געאָגראַפיע.

— צום צווייטן מאָל זאָגט ער צו, צוצושיקן עטלעכע זייער קאָסטבאַרע מאַרקעס.

— ס'איז זייער פיין פון זיין זייט.

— אפשר זאָל איך אים איבערשיקן אייער לעצטן פאָטאָגראַף?

— צי דערמאָנט ער עפּעס וועגן קומען?

— דאָס איז שווער פאָרויסצוזען. ס'איז אָפּהענגיק פון פאַרשידענע באַדינגונגען ווי: דאָס וועטער, די אויסלאָדונג פון סחורות א. אַז. וו. דערביי האָט דער קאַפּיטאַן קעלפּ זייער ליב סיורפּריזן.

ס'פלעגט זיך טרעפן, אַז ס'איז אַדורך אַ סך צייט צווישן איין וויזיט און דעם צווייטן. וואָס לענגער עס האָט געדויערט די פּויזע, אַלץ נענטער איז געווען די מעגלעכקייט פון זיין קומען. איינמאָל איז מאַרגאָט געווען שטאַרק הונגעריק, בעת זי איז צוריקגעגאַנגען פון שולע אַהיים. ביי דער טיר האָט זי אומברחמנותדיק געריסן ביים גלאָק פון דער טיר. די דינסט איז איר אַנטקעגנגעקומען און סודותדיק אַ שעפּטשע געטון:

— פּסט!.. ער איז שוין געקומען צו פאָרן!..

מאַרגאָט האָט פאַרזיכטיק געפרעגט:

— דו האָסט תיכּף אָנגעטעלעפאָנירט דער מאַמען?

ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי האָט עס טאַקע תיכּף געטון.

— וואָס וועט יעצט זיין מיטן הער באַראָן? וואָס טוט יעצט דער קאַפּיטאַן? צי האָט ער געבראַכט מיט זיך אַ קופּערט? צי האָט ער נישט דערמאָנט דערוועגן, ווי לאַנג ער קלערט דאָ צו בלייבן? ער האָט שוין געמאַכט עפּעס אַן אַוואַנטורע?

— ער לויפט הין און צוריק, ווי אַ משוגענער, ער קלאַפּט אַזוי שטאַרק מיט די פיס, אַז ליזען האָט אַזש דער קאָפּ אָנגעהויבן וויי צו טון און זי האָט זיך געמוזט לייגן.

— צו דעם לויפן האָט ער זיך צוגעווינט אויף דער שיף.

— ס׳קען זיין, נאָר ער זעט דערביי אַזוי שרעקלעך אויס, אַז ס׳גייט אַדורך אַ גרויל דורכן קערפּער. כ׳וואָלט מיר געלאָזט אַ האַנט אָפּשניידן, אויב ער איז אַמאָל נישט געווען אַ הענדלער פון לעבעדיקער סחורה...

— וואָס רעדסטו פאַר אַ נאַרישקייטן! ביסט מסתמא משוגע געוואָרן. זאָלסט וויסן, אַז מיין מאַמע וואָלט זיך קיינמאָל נישט באַפריינדעט מיט קיין הענדלער פון לעבעדיקע סחורה...

— כ׳מאַך מיר אַ געלעכטער, נאָר אַ פאַקט איז, אַז כ׳וואָלט נישט געוואָלט מיט אים בלייבן אַליין אין איין שטוב.

— דעריבער קומט ער טאַקע נישט צו דיר, נאָר צו דער מאַמען. כ׳מוז שוין אַראָפּלויפן און טעלעפאָנירן; פון דאַנען קען ער נאָך דערהערן. זאָל אילזעביל דערווייל זיך באַמיען אים צו באַרויִקן.

ביים אַרויסגיין האָט זי זיך נאָכאַמאָל אויסגעדרייט פון דער טיר, צוגעלייגט די האַנט צום מויל און אַ זאָג געטון:

— זאָל זי אים זינגען פאַטריאָטישע לידער.

דאָס האַרץ האָט איר געקלאַפּט, ווי מיט אַ האַמער, ווען זי האָט געטעלעפאָנירט צום באַראָן:

— פעטער פרעבען, כ׳בעט דיך, קום נישט היינט צו אונז.

— פאַרוואָס? ס׳איז דאָך היינט דינסטיק! וואָס איז דאָרט געשען? צי איז עמעצער קראַנק געוואָרן?

— ס׳איז קיינער נישט קראַנק, נאָר דו קענסט היינט צו אונז נישט קומען.

— פאַרוואָס?

— פעטער פרעבען, אַ דזשענטלמאַן שטעלט נישט אַזויפיל פראַגן.

— כ׳קום תיכף צו אייך צופאָרן!

— ניין, דו וועסט עס נישט טון, פעטער פרעבען, —

האָט זי געבעטן כמעט מיט טרערן אין קול.

— מיר האָבן היינט אַ גרויסע וועש אינדערהיים... אַחוץ דעם, רויכערט שטאַרק דער אויוון... ליזען טוט ווי דער קאָפּ...

— צי איז די מאַמע נאָך אין ביוראָ? כ׳קלינג תיכּף צו איר אָן.

— פּעטער פּרעבען, זיי אַזוי גוט... אויב ווילסט שוין דורכאויס וויסן... מיר האָבן היינט אַ גאַסט... ס׳איז געקומען צו פאָרן דער „פליענדיקער האָלענדער״, דו ווייסט שוין וועל־כער, די אכזריותדיקע בריאה, דער קאַפּיטאַן פון אַ שיף. דו קענסט זיך בשום אופן מיט אים נישט טרעפן. אין יעדער זאַך זעט ער עפּעס שלעכטס. קום בעסער צו שבת, אָדער אַמבעסטן וואָלט געווען, זאָלסט צוּוואַרטן אויף מיין טעלעפאָן. אויף מיין וואָרט, אַז ס׳איז פאַר אונז גאָרנישט אַזוי גרינג צו רעזיגנירן פון דיינע וויזיטן,וועלכע דערפרייען אונז אַלעמאָל אַזוי שטאַרק. זאָג נישט אַמאָל דער מאַמען, אַז כ׳האָב אים אָנגערופן: „דער פליענדיקער האָלענדער״... די מאַמע פאַרטראָגט נישט אַזעלכע צונעמען, כאָטש זיי מעגן זיין די ריכטיקסטע.

יאננע האָט געוואַרט אויף מאַרגאָט ביי דער טיר.

ער האָט זיך געפרעגט, ווו האָט איר זיך אַלע באַהאַלטן, ביי שנעל אַריין אין שטוב.

— זאָל צו־ריך אַ ביסל איינהאַלטן.

זי האָט צונויפגענומען איר גאַנצן מוט, איידער זי האָט געוואַגט אַריינגיין אין צימער.

— גוטמאָרגן, קאַפּיטאַן קעלפּ. ס׳איז אַ שאָד, וואָס איר האָט אונז נישט מודיע געווען פריער וועגן אייער קומען.

— וואָס איז, אפשר בין איך נישט אין דער צייט גע־קומען?

מאַרגאָט האָט זיך עקשנותדיק איינגעקוקט אין אַ קרעלע־נער שפּילקע, וואָס האָט געשטעקט ביים קאַפּיטאַן אין קראַוואַט, אַ קעפּל פון אַ פרוי מיט צעפלאָסענע האָר.

— דו וואַקסט, ווי אויף הייוון. דו ביסט שוין כמעט אַזוי

גרויס, ווי דיין מאַמע, ווען כ׳האָב זי געטראָפן דאָס ערשטע מאָל. ס׳איז שוין צייט, זאָלסט דיר פאַרלייגן די האָר און טראָגן לענגערע קליידער, מען זעט דיר די גאַנצע לידקעס אַרויס.

— צי האָט אייך אויפן וועג נישט געטראָפן אַמאָל אַ ציקלאָן? צי זייט איר נישט אַרויף אויף פון אייז-באַרג?

— כ׳האָב געבראַכט מיט זיך אַ גרויסן מאַגנעס; אויב מ׳זאָל אים דערנענטערן צום טיש, ווי ס׳געפינט זיך אַ קאָמ-פּאַס, וועט זיך די נאָדל אינגאַנצן איבערדרייען... ווי זענען דיינע שוועסטער?

— אַ ליאַדע מינוט וועלן זיי אָנקומען. אילזעביל האָט טאַקע אויסגעענדיקט אַ פּרעכטיקן זילבערנעם פּאַסעק מיט אַלט-גערמאַנישע מאָטיוון. מ׳האָט איר אָפּגעשאַצט אויף 200 קאָראָן.

— בעסער וואָלט זי זיך אויסגעלערנט גוט קאָכן און צע-רצווען סקאַרפּעטן.

— איר וועט דאָ לאַנג בלייבן?

— כ׳ווייס נאָך אַליין נישט.

— זינט אונזער לעצטן אויספלוג צום טורעם, בין איך מער קיין איין מאָל אפילו דאָרט נישט געוועזן... אפשר זאָל איך אייך עפּעס שפּילן?

— שפּיל, נאָר עפּעס ערלעכס, מ׳זאָל קענען הערן אַ מעלאָדיע.

— „לאַ פּאַלאָמאַ” אָדער „האָם סויט האָם”?

— און אפשר קענסטו דעם וואַלץ פון דער „פריילעכער אלמנה”.

— צי זאָל איך זינגען און שפּילן?

זי האָט זיך געזעצט צום קלאַוויר. ס׳איז איר אפילו נישט איינגעפאַלן צו נעמען די וויאָלאָנטשעל אין האַנט אַריין. בשעתן זינגען, האָט זי זיך באַמיט אויסצוציען די מעלאָדיע, גלייך ווי יאָננע און ליזע אין דער קיך.

פון אונטערן אויג האָט מאַרגאָט אָבסערווירט דעם קאַפּי-

טאַן קעלפּ. ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט און פון צייט צו צייט געגעבן אַ שמייכל. ווען ער האָט אָנגע-הויבן צו פייפן, האָט זי חשק געהאַט אַריינצולייגן זיך וואַטע אין די אויערן.

— כ׳האָב דיר געבראַכט אַן אָקאַרינע.

— אַן אָקאַרינע... זי קלינגט זייער גוט אָפּ אין וואַלד.

— אומעטום קלינגט זי גוט אָפּ.

זי האָט זיך מיט אים נישט געשפּאַרט.

—צום טייוול... ביסט אַזוי שרעקלעך ענלעך צו מעטטען: האָסט אפשר געירשנט פון איר, איר איינגעשפּאַרטקייט?

— כ׳בעט זייער, וועגן מיין מאַמען קיין שלעכט וואָרט נישט צו זאָגן.

— איך האָב דען געזאָגט וועגן איר עפּעס שלעכטס?

— ווען מ׳הערט, ווי די מאַמע רעדט וועגן אייך, האָט מען אַן איינדרוק, אַז איר זענט אַן אמתער מלאך.

— און וואָס ווייזט זיך אַרויס?

— יאָננע קלערט, אַז איר האָט געהאַנדלט מיט לעבעדי-קער סחורה.

ער האָט זיך באַמיט אַ שמייכל צו טון.

— און אפשר קלערסטו, אַז איך בין אַ מענטשנ-פרעסער?

— ס׳וואָלט גאָר קיין וווּנדער נישט געווען. כ׳האָב אַליין געלייענט נישט לאַנג, אַז געוויסע מאַטראָסן, וואָס האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט איבערן ים, האָבן נאָך צוועלף טעג הונגערן, געצויגן קוויטלעך, וועלכער פון זיי מוז ווערן דער ערשטער אויפגעגעסן.

ער האָט אויסגעצויגן פריינדלעך צו איר זיין האַנט.

— לאָמיר ווערן פריינט!

—מיט פאַרגעניגן, אויב איר וועט זיך גאָר בעסער אויפ-פירן.

— זאָגסטו, אַז די מאַמע דערמאָנט מיך צום גוטן?

— זי האָט קיין ווערטער נישט פאַר אייך. זי האָט אונז

אַמאָל דערציילט וועגן איר נסיעה, ווען זי איז געווען אינגאַנצן אָרים און האָט צוויי טעג נישט געהאַט וואָס צו עסן. אונטערן איינדרוק פון אירע ווערטער האָב איך אויסקאָמפּאָנירט עפּעס אויף מיין וויאָלאָנטשעל. כ׳האָב עס אָנגערופן „גרויסער אָדער שטילער אָקעאַן". מ׳הערט דעם שאָרך פון די כוואַליעס, דערנאָך אַן אָנגעברויזטער שטורם, דערנאָך באַווייזט זיך די זון, די לבנה, די שטערנס... איר ווייסט, אַז בשעתן שפּילן, מוז איך יעדע שעה עפּעס נעמען אין מויל אַריין. אויב נישט, האָב איך אינגאַנצן אַ ליידיקן קאָפּ. די מאַמע דערציילט, אַז איר האָט דאַמאָלט געטראָגן אַ רויטן שאַל און פון דער זייטיקער קעשענע האָט אַרויסגעשטאַרט אַ רויט טיכעלע.

— כ׳זע, אַז דו קענסט מיך פון בלויזן דערציילן.

— איר האָט אַזויפיל עסן אַריינגעגנבעט אין דער מאַמען, אַז זי איז דאַמאָלס געפאָרן קיין ריגע. אַך, ווי איך טרוים צו זען דעם שטילן אָקעאַן ביי דער אונטערגייענדיקער זון...

דער קאַפּיטאַן קעלפּ האָט איר אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט.

— און אפשר האָט דיר די מאַמע דערציילט, פאַרוואָס זי האָט מיך געצוווּנגען צו פאָרן קיין מערב, הגם כ׳האָב דאָרט קיין שום אַרבעט נישט געהאַט?

דאָס קינד האָט פרעגנדיק אויף אים אַ קוק געטון.

— זעסט... דיין מאַמע... זי האָט אויך געוואָלט זען דעם שטילן אָקעאַן ביי דער אונטערגייענדיקער זון...

— ס׳איז באמת מאָדנע... כ׳האָב גאָרנישט געוווּסט דערוועגן...

— צום צווייטן מאָל וועל איך דיך מיטנעמען מיט זיך.

מאַטטעאָ איז אַריינגעקומען אין שטוב אַריין. זי האָט האַרצלעך געדאַנקט דעם קאַפּיטאַן פאַר די טייערע מאַרקעס.

— אמת, אַז מעקסיק איז וווּנדערלעך שיין?

מאַרגאָט האָט דערהערט עמעצנס טריט — אילזאַביל גייט!

ער האָט אַ ציטער געטון.

— שוין די זעכסטע צייט זי זאָל אַהיימקומען. ס׳פּאַסט נישט, אַז אַ יונג מיידל זאָל אין אָוונט זיך אַרומשלעפּן אין גאַס.

אילזעביל איז אַ פאַררויטלטע אַריין אין צימער.

— גוטמאָרגן טייערער קאַפּיטאַן קעלף!

ער האָט אַזוי שטאַרק אַ דרוק געגעבן איר האַנט, אַז זי האָט אַ קרעכץ געטון.

— אפשר זאָל איך דיר שוין זאָגן פרייליין?

אילזעביל איז געווען אַ ביסל צעטומלט. זי האָט אים געבעטן, ער זאָל איר ווייטער זאָגן „דו".

— איר קענט דאָך מיך פון קינדווייז אָן!

ער האָט אויף איר אַ קוק געגעבן מיט אַ פאָרשנדיקן בליק. אָן אומרוּיִקע, האָט זי אַראָפּגעלאָזן די אויגן.

— ווען כ׳האָב דיך געזען צום ערשטן מאָל, ביסטו אַלט געווען פינף יאָר. פאַרוואָס גייסטו אַזוי שטאַרק אויסגעדעקאָלטירט.

אילזעביל איז געווען אַזוי געטראָפן פון דער פראַגע, אַז זי האָט גאָרנישט געקענט ענטפערן. מאַרגאָט האָט איר דאָס מאָל אַרויסגעהאָלפן.

— די מאַמע פאַרטראָגט נישט קיין קליידער, וואָס זענען אינגאַנצן פאַרמאַכט ביזן האַלז.

אין דער רגע איז אַריין די פרוי מעטטע און האָט האַרציק באַגריסט דעם גאַסט.

— וואָס פאַר אַ אָנגענעמער סיורפריז! און פונקט אין אַזאַ צייט, ווען כ׳בין געווען זיכער, אַז דו געפינסט זיך אויפן צווייטן עק וועלט. ווי איז דער וועג דורכגעגאַנגען? אָן קיין שום ערנסטערן צופאַל? און וואָס איז מיט דער ים-קראַנקהייט? צי באַמערקסטו, אַז די קינדער זענען צוגעוואַקסן אַ ביסל?

ער איז געווען שטאַרק איבערראַשט און האָט גאָרנישט געענטפערט.

— מאַמאַ, אין גאַס זענען שוין דאָ פּלאַקאַטן, וואָס זענען מודיע וועגן עלווערהאָלס קאָנצערט.

— מיר וועלן גיין אַלע צוזאַמען, אמת, סימאָן? יעצט קינדער, כ׳בעט אייך, גייט אַריין אין צווייטן צימער זיך צו־גלייכן די האָר פאַרן עסן.

דערפרייטע, זענען זיי פון שטוב אַרויסגעלאָפן.

דער שטרענגער בליק פונם גאַסט האָט פאַרלאָשן מעטטעס שמייכל.

— זאָג, זיי זיך מודה, אַז דו וואָלסט בעסער געוואָלט, איך זאָל אַהער נישט קומען. נאָר פאַרלויפיק מוזטו דערווייל פאַרטראָגן מיין אָנוועזנהייט.

זי האָט אים אַ ווונק געגעבן, ער זאָל רעדן אַ ביסל שטילער.

— וואָס ווילסטו, איך מאַך דאָך נישט קיין שום אוואַנ־טורעס. כ׳בין געקומען, כדי צו זען מיין קינד, מער גאָרנישט.

זי האָט מילד געפרעגט:

— סימאָן, צי מיר קענען זיך נישט דורכרעדן, ווי צוויי גוטע פריינד?

— פריינד — האָט ער איר נאָכגעשפּעט — איך און דו? אונזער קינד דאַרף זיך נישט שעמען מיט איר פאָטער נאָר מיט איר מוטער. וואָס איז עס נעבעך שולדיק, אַז ס׳איז געקומען אויף דער וועלט אַלס אַ ממזר פון אַ מאַמען אַן אויסגעלאַסע־נער! אויף דיר ליגט די גאַנצע אחריות פאַר גאָט און פאַר מענטשן!

ער האָט איר ברוטאַל אַ כאַפּ געטון פאַרן אָרעם.

— נאָך ווייניק צייט האָסטו געהאַט אויף איבערצוקלערן זיך? איך האָב זיך שוין לאַנג באַשלאָסן, הגם גלויב מיר, ס׳איז גאָרנישט אַזוי גרינג פאַר אַזאַ שטימונגס־מענטש, ווי איך, אויס־צוּוואָרצלען פון זיך אַלע פאָראורטיילן און צו פאַרגעסן זאָגן אַלעמען, וואָס ס׳איז געווען. נאָר כ׳בין אַלץ גרייט צוליב דעם גליק פון אונזער קינד.

זי האָט אים אַרויסגעריסן איר האַנט.

— איך האָב נאָך אויף קיין איין האָר נישט געטוישט מיין מיינונג. דו קענסט צו מיר קיין שום טענות נישט האָבן.

כ׳האָב דיר קיינמאָל נישט געזאָגט קיין ליגנט און קיינמאָל דיך נישט אָפּגענאַרט. כ׳זאָג דיר אַלעמאָל דעם ערלעכן אמת און כ׳וועל נישט טוישן מיין מיינונג. דו הערסט, סימאָן?

— דו פלעגסט אַלעמאָל פּאַרדרייסן די נאָז, נאָר ס׳וועט דיר גאָרנישט העלפן. כ׳וועל נישט אָפּטרעטן, ווען מיר זאָלן אַפילו מוזן ביידע שטאַרבן.

— צוליב וואָס דאַרפסטו באַרירן און צוריקגיין צו געשפּרעכן, וואָס האָבן שוין לאַנג פאַרלוירן זייער ווערט.

— ווייל אַזוי געפעלט מיר, אויב דו ווילסט שוין דורכאויס וויסן. כ׳וועל רעדן, וואָס כ׳וועל וועלן, נישט געקוקט דערויף, צי דו האָסט חשק מיך אויסצוהערן, אָדער נישט. וויפל מאָל האָב איך געבעטן גאָט, בשעת אַ נעפל אויפן ים, אַז דיַ שיף זאָל צעהאַקט ווערן. נאָר באַלד האָט זיך אין מיר דערוועקט די פראַגע: — צי האָסטו רעכט צו לאָזן דיין קינד מיט אַזאַ מאַמע? — אין אַזעלכע רגעס האָב איך געהאַט אַ געפיל, ווי מ׳וואָלט מיך צוגעדריקט צו דער וואַנט מיט אַ גליענדיק אייזן. דו, מיט דיין ראַפינירטער העפלעכקייט און פיינער דערציונג, איך אַ יונגער משוגענער מאַטראָס, וואָס ליגט ביי דיינע פיס און דאַוונט צו דיר ווי צו אַ הייליקער. דאַמאָלט — האָב איך נישט געהאַט קיין מוט צו זאָגן: — דו מוזט, ווייל איך פאָדער. דו האָסט מיך באַהערשט אינגאַנצן. פון יענער צייט אָן האָב איך זיך גענומען צום לערנען און דו דאַרפסט זיך שוין יעצט מיט מיר נישט שעמען. צי דו האָסט מיט מיר חתונה געהאַט, צי נישט, ביסטו סיי-ווי-סיי מיין פרוי, אַ שלעכטע פרוי, אַן אומטרייע מאַמע, אָבער דו ביסט מיינע און אַפילו גאָט אַליין וועט דאָס נישט ענדערן. כ׳וועל זיך נישט דערשרעקן פאַר דיין בליק. זעסט, כ׳בין אינגאַנצן רויק. דאָס האָט מיך אויסגעלערנט דער ים מיט זיין אומענדלעכקייט. כ׳האָב שוין געוואַרט צוואַנציק יאָר, מעטטע, — אויב מ׳דאַרף, וועל איך ווייטער וואַרטן. נאָר איך ראַט דיך, זאָלסט אַכטונג געבן אויף מיין קינד, ווייל אויב ס׳וועט ענלעך זיין צו דיר, וועל איך דיר צעבּרעכן דיינע ביינער — פאַרשטייסט?

ער האָט שווער געאָטעמט און אָפּגעלאָזן איר אָרעם. פרוי מעטעע איז געווען שטאַרק בלייך.

— כ׳ווייס נישט, צי כ׳האָב דיך פאַרשטאַנען, נאָר איינס בין איך זיכער — דו האָסט מיך קיינמאָל נישט פאַרשטאַנען, ווען יאָ, וואָלסטו אַנדערש מיט מיר געהאַנדלט. יעדער מענטש גייט נאָך דער קול פון זיין נאַטור. איך האָב אַזוי געטון. איל-דזעביל אַליין וועט דעצידירן ווע:ן איר לעבן און אַליין טראָגן די אחריות פון אירע מעשים, פונקט אַזוי, ווי איך טו עס מיין גאַנץ לעבן.

— דו באַרימסט זיך נאָר דערמיט. ווילסט זיך אַלעמאָל אויסדרייען מיט אַן ענטפער. ווער איז דען די סיבה פון מיין אייביקער אומרויקייט? ווער האָט מיר צוגעגנבעט אַ פרוי און אַ קינד? דו, דו, אייביק דו. כ׳האָב זיך שוין קיינמאָל מער נישט דערנענטערט צו קיין שום אַנדערע פרוי. כ׳האָב פשוט נישט געקענט. דו ביסט געווען די ערשטע און די איינציקע. דאָס בינדט אַזוי שטאַרק.

— מיר קענען זיך שוין צוואַנציק יאָר און מיר זענען געלטן ווען צוזאַמען, דאָך האָב איך קיין שום זאַך נישט אָפּ-געלייקנט. געדענקסט, פון דער ערשטער רגע, ווען כ׳האָב זיך דיר אָפּגעגעבן, האָב איך דיר געזאָגט: דיין פרוי וועל איך נישט ווערן.

— ס׳איז דיר גרינג געווען אַזוי צו רעדן, וואָס דען האָסטו געקענט טון מיט אַזאַ פּראָסטן מענטש, ווי איך? אָבער ווען דער פּראָסטאַק האָט געהאַט דעם כבוד צו ווערן דער פאָ-טער פון דיין קינד, מוז ער אויך זיין אַנטשפּרעכנד צו געבן אים זיין ערלעכן נאָמען.

— סימאָן, סימאָן, וואָס איז מיך אָנגעגאַנגען דאַמאָלט ווער דו ביסט געווען? אַ איידלמאַן אָדער אַ פּראָסטער מענטש? ווען דו וואָלסט אַפילו געווען דער לעצטער נע-ונדניק, וואָלט איך מיט דיר דאַמאָלס מיטגעגאַנגען און נישט געקלערט קיין איין מינוט. ווען כ׳האָב דיך ס׳ערשטע מאָל דערזען, האָב איך געמיינט, אַז די וועלט ענדיקט זיך. ס׳זענען בלויז געווען: איך,

זי און דער אומענדלעכער שטילער ים. ס'האָט זיך געדאַכט אַז כ'האָב חתונה מיטן ים. מיט מיין אָפּגעבן זיך דיר, בין איך געוואָרן אין גאַנצן אויגן דיינס אַ געליבטע. דו ווייסט דאָס, סימאָן.

— דו האָסט זיך מיר אָפּגעגעבן צוליב דעם, דו זאָלסט דערנאָך קענען אַוועק פון מיר. נישט אַזוי האַנדלט אַן ערלעכע פרוי.

— כ'האָב נישט געקענט ברעכן מיין ערן-וואָרט, וואָס כ'האָב געגעבן מיין מאַמען.

— אַלעמאָל פאָרסטו אַרויס מיט דיין ערן-וואָרט. ווען ס'איז דיר נאָר באַקוועם.

— ניין, סימאָן, מיין מאַמע איז געווען גערעכט. כ'בין נישט באַשאַפן געוואָרן צו זיין אימיצנס אַ פרוי.

— נאָר צו האָבן קינדער פון פאַרשידענע מענער..

— דערצו האָב איך רעכט. כ'טויג זיך צו זיין אַ מאַמע. דערמאָן זיך נאָר, סימאָן, אין וואָס פאַר אַ צייט כ'בין פון דיר אַוועק?

— דאָס איז טאַקע אַ באַווייז פון דיין אויסגעלאַסנקייט.

— כ'בין אַוועק דאַמאָלט, ווען כ'האָב דערפילט דאָס נייע לעבן אין מיין שויס. ווען כ'בין געוואָרן אַ מאַמע, האָט זיך אַלדאָס פריערדיקע געמוזט ענדיקן.

— ענדיקן. ביז וואַנען האָסט דיר נישט אויסגעפונען אַ נייעם פרייער. צי איז דען פאַראַן אויף דער וועלט נאָך איין פרוי, וואָס זאָל פירן אַזאַ לעבן, ווי דו?..

— כ'קען גאַנץ ווייניק פרויען.

— צי איז דיין מאַמע אויך געווען אַזאַ פרוי?

— ס'זענען פאַראַן צווייערליי פרויען; מיין מאַמע האָט געהערט צו די פרויען, וואָס זענען איבערגעגעבן זייער מאַן און קינדער ביזן טויט.

— דיין מאַמע איז געווען אַן אָרנטלעכע פרוי, און דו ביסט אַן אויסגעלאַסענע.

זי האָט טרויעריק געשמייכלט.

— צי גיסטו דיר אפּ אַ דין וחשבון פון דיינע ווערטער, סימאָן? גיב אַ קוק אויף מיר און זאָג, צי אַזוי זעט אויס אַ גאַסן-פרוי?

סימאָן קעלפּ האָט מיט די הענט פאַרשטעלט די אויגן.

— דו, דו ביסט געווען די פאַרקערפּערונג פון אַלע מיינע יוגנט-חלומות און טרוימען פון אַ דערוואַקסענעם מאַן...

— כ׳האָב דאָס אַלץ אַוועקגעגעבן, סימאָן הגם דו האָסט גאָרנישט געבעטן. דו זאָגסט, אַז כ׳האָב צעטרעטן דיינע געפילן, נאָר דאָס איז נישט אמת. דאָס, וואָס כ׳האָב דיר אַוועקגעגעבן, קען דיר שוין קיינער נישט צונעמען און ס׳וועט בלייבן דיינס אויף אייביק, פּונקט ווי איך וועל יענע רגעס קיינמאָל נישט פאַרגעסן. צי געדענקסטו דעם ים און די זון, וואָס האָט געשיינט איבערן איינגוס. די הייסע נעכט, ווען די לופט איז געווען אַזוי שטאַרק איבערגעזעטיקט מיט זאַלץ. כ׳ווייס נישט, ס׳קען זיין, אַז ווען נישט דאָס קינד, וואָלט איך נישט אַוועק פון דיר. כ׳האָב געהערט דאַמאָלט צו דיר מיטן גוף און נשמה, ביז דער רגע, וואָס כ׳בין געוואָרן אַ מאַמע.

— און וואָס איז געשען דערנאָך?

— אַלץ הזרט זיך איבער אין לעבן, סימאָן, קענסט מיך, פון טיפן האַרץ פאַרשטין? אפשר טוען יענע אויך אַזוי, און קענסט מיך רופן אויסגעלאַסענע... אָבער קוק זיך צו צו די קינדער, יעדעס באַזונדער, און זאָג מיר אָפנהאַרציק, צי בין איך אַ שלעכטע מאַמע?

— קוק נישט אַזוי אויף מיר, מעטעע!

— לאָמיר שליסן שלום. לאָמיר זיין גוט צו אונז און צו אונזער קינד, וואָס איז באַשאַפן געוואָרן דאָרט, אויפן גרויסן אָקעאַן.

אַלס צייכן פון שלום, האָט ער זי צוגעדרוקט צום האַרצן און ס׳איז געוואָרן שלום אויף אַ רגע. בשעתן מיטאָג, פלעגט זיך דער געשפּרעך כסדר איבעררייסן; די קינדער האָבן זיך אומרויק אָנגעקוקט און די פרוי מעטעס פנים איז געווען געל, ווי וואַקס.

צו אָוונט צו האָט דער קאַפּיטאַן קעלפּ אויסגעפּאַקט פון קופערט אַלע זיינע עקזאָטישע אוצרות, וואָס ער האָט אָנגעזאַמלט אין משך פון זיינע לאַנגע וואַנדערונגען. די פאַרוואונדערונג פון די מיידלעך האָט אים שטאַרק געוויילט.

— דאָס איז נאָר אַ קליינע טייל פון אַלעמען. די רעשט וועט איר קריגן אויפן דעק. כ׳האָב דיר געבראַכט, מעטטע, אַ גראַמאָפאָן און איבער הונדערט פּליטעס, כדי די צייט זאָל בּיי אייך נישט דורכגיין אויף גאָרנישט, ביי דער מוזיק פון גראַמאָפאָן וועט איר זיך קענען פאַרנעמען מיט אַ וועלכער ס׳איז נוצלעכע אַרבעט.

אויף דער מוטערס פאָדערונג, האָט מען אילזעביל באַפרייט אויף עטלעכע טעג פון דער שולע; זי האָט אַרומגעפירט דעם גאַסט איבער דער שטאָט. זיי האָבן באַזוכט דעם מוזעאום פון אַלטערטימלעכקייט, דעם פּאַנאָפּטניקום, די קירכע פון דער „הייליקער מאַריע״, דעם זאָאָלאָגישן גאָרטן, דעם טורם פון לופטדרוק. דעם זונטיקדיקן טאָג האָט מען פאַרבראַכט אויפן דעק. בשעתן מיטאָג האָט מען אָנגעשטעלט דעם גראַמאָפאָן. דערנאָך האָט מען אָנגעהויבן אויספּאַקן די קופערטן און קאַסטנס.

— קאַפּיטאַן קעלפּ, ס׳זעט אויס, אַזוי ווי איר וואָלט מיט זיך מיטגעבראַכט אַן אויסשטייער. — האָט געזאָגט מאַרגאָט.

— ווער ווייסט...

ענדלעך איז די שיף אָפּגעפאָרן פון פּאָרט און אַלע אין דער ווילע האָבן פרייער אָפּגעעטעמט. יעדער האָט זיך שטילערהייט געוואונטשן, אַז דער „פליענדיקער האָלענדער״ זאָל נישט אַזוי שנעל דאָס צווייטע מאָל צוקומען צו דעם ברעג.

נאָר די פרוי מעטטע האָט פאַרזיכערט די קינדער, אַז דער וויזיט פון קאַפּיטאַן קעלפּ האָט איר פאַרשאַפט אַ סך פרייד.

————————

## II

דער אָוונט איז געווען אַ קילער און די פרוי מעטטע האָט געהייסן אָנצינדן אַ פייער אין קאמין. אַלע האָבן זיך באַקוועם באַזעצט אַרום דעם פייער און די מיידלעך האָבן אָנגעהויבן צוגרייטן אַ גאָגעל־מאָגעל — דאָס באַליבטע שבתדיקע מאכל. פרוי מעטטע האָט זיך געוואָנדן צו די קינדער:

— אפשר וואָלטן מיר אַ ביסל געשמועסט וועגן אייער פאָטער.

מ׳האָט געזען, אַז די קינדער האָבן דערצו קיין שום חשק נישט. מאַרגאָט האָט געבעטן:

— ס׳איז אונז יעצט אַזוי גוט!

ס׳האָט זיך געדוכט, אַז די מאַמע האָט נישט דערהערט די באַמערקונג.

— טייערע קינדער, איר האָט אַ פאָטער, אַזוי ווי יעדע גאָטס באַשעפעניש, נאָר צום ביישפּיל קעצלעך ווייסן נישט ווער איז זייער פאָטער.

— מיר ווילן אויך גאָרנישט וויסן, ווער ס׳איז אונזער פאָטער.

— באַהאַלט מאַרגאָט דערווייל דיינע לעבנס־חכמות, שפּע־טער וועסטו זיי קענען אַרויסזאָגן... אַלזאָ קינדער... דאָס ריכ־טיקסטע וואָלט געווען, כ׳זאָל אייך אויסזאָגן זיין נאָמען. איר

האָט דאָס רעכט צו וויסן, ווער ער איז געווען. כ׳האָב עס שוין באַדאַרפט טון פון לאַנג...

— אויב דו האָסט עס ביז יעצט נישט געטון, קענסטו דאָך אונז ווייטער אויך נישט זאָגן.

— כ׳וויל אייך טאַקע יעצט דערקלערן די סיבות פון מיין שווייגן.

אילזעביל האָט אָנגערירט די מוטערס אָרעם.

— דו דאַרפסט זיך פאַר אונז נישט פאַרענטפערן, מאַמע.

— כ׳מוז עס, מיין קינד, טון. איר ווייסט מסתמא, וואָס פאַר אַ ראָל אין שטוב שפּילט געווינלעך, דער פאַטער? ער האַלט אויס די שטוב, שרייבט אונטער שול־צייגנישן.

— ר׳איז אין אַ שלעכטע שטימונג, ווען מ׳מאַכט יום־טובדיקע הנאות.

— אמת, אָבער אייער פאָטער...

— מאַלגאָשעס טאַטע פלעגט איר שלאָגן מיט אַ שפּיצרוט ביי יעדער געלעגנהייט.

— צי שטעלסטו דיר פאָר, אַז כ׳וואָלט אויסגעקליבן פאַר דיר אַ פאָטער, וואָס וואָלט דיך געשלאָגן מיט אַ שפּיצרוט? דער טאַטע פון מיינע קינדער מוז האָבן בלויז מעלות.

— ער איז מסתמא געווען זייער אַ שיינער.

— און אַ ריטערלעכער!

— אַלזאָ גוט. ער איז געווען אַ שיינער און ריטערלע־כער. אָבער יעדע פון אייך איז דאָך אינגאַנצן אַן אַנדערע פון דער צווייטער, פונקט ווי כ׳וואָלט פאַרגלייכן אַ בולדאָג און אַ סיביר־הונט. וואָס פאַר איינעם איז גוט, קען דעם צווייטן לגמרי נישט געפעלן, און וואָס וועט דאַמאָלט זיין?

מ׳האָט פאָרזיכטיק אַוועקגעשטעלט די טאַסן אויפן טישל.

— לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז יעדערע פון אייך האָט אַ באַזונדערן פאָטער פאַר זיך.

מאַרגאָט האָט זיך הויך צעלאַכט און מאַטטאַ האָט צו־

זאַמענגעצויגן די ברעמען.

— ס׳וואָלט זיך דאַמאָלט געקענט טרעפן, אַז אילוזעפּילס פּאָטער וואָלט מאַטטעאָן אַמשטאַרקסטן ליב געהאַט. מאַרגאָט נעמען מיר נישט אין אַכט, זי טויגט איר ליבע, ווי די פּאַנ־טאָפל, וואָס זי האָט געטראָגן אַ וואָך צייט.

— האָסט דאָך אַליין, מאַמעשי, געזאָגט, אַז זיי זענען צו ענג אין די פינגער. דאָס איז דאָך נישט מיין שולד, נאָר דעם שוסטערס, וואָס האָט זיי שלעכט געמאַכט.

— ס׳וואָלט אַפילו געקענט געשען, אַז קיינער פון אייך וואָלט זיך נישט געוואָלט מודה זיין צו איר פאָטער... נאָך זיין טויט וואָלט זי אין אים דערזען אַלע אייגענע אידעאַלן, וואָס ער האָט ביי זיין לעבן קיינמאָל נישט געהאַט.

— מאַמע, דו רעדסט וועגן אים אַזוי מאָדנע, ווי דאָס וואָלט נישט געווען זיכער, צי ער לעבט?

— לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז ער לעבט... אַז אַלע דריי לעבן.

— כ׳בעט דיך, מאַמע, הער אויף צו רעדן אַזוי. דאָס קלינגט אַזוי שרעקלעך.

די פרוי מעטטע האָט פאַרביסן די ליפּן.

— אויב כ׳זאָג עפּעס שרעקלעכס, מאַטטעאָ, מסתמא צווינ־גען מיך דערצו געוויסע באַדינגונגען.

— אַנטשולדיק, מאַמע.

— כ׳בין מודה, אַז איר פאַרמאָגט אַ סך; איר האָט אַ פיינע שטוב, ווו איר פילט זיך גליקלעך. איר האָט מיך, די, וואָס האָט אייך אַזוי ליב. איר זענט אויך צו מיר אידעאַל גוט... געהאָרכזאַם... ליבלעך... איר האָט צו מיר קיינמאָל נישט געהאַט קיין טענות...

— וואָס פאַראַ טענות, מאַמע, קענען מיר צו דיר האָבן?

— זאָגט נישט אַזוי. צי קלערט איר, אַז איך האָב נישט באַמערקט די שטעך־ווערטער, אויף וועלכע איר זענט געווען אויסגעשטעלט. כ׳האָב נאָר קיינמאָל דערוועגן נישט גערעדט.

וואָס דאַרפֿן מיר ווייט זוכן? לאָמיר נעמען אַפֿילו אונזערע שכנים.

— כ׳לאַך פֿון זיי.

— ווען דאָס וואָלט דיך אַזוי ווייניק אָנגעגאַנגען, וואָלסטו נישט געווען שוין אין דער פֿערטער שולע.

— מ׳קען זיך דאָך נישט לאָזן באַליידיקן!

— אמת. איר אָבער זענט דערויף אויסגעשטעלט.

— אַזוי אַרום איז דאָך יעדער מענטש אויסגעשטעלט אויף באַליידיקונגען.

— כ׳שטעל מיר פֿאָר, אַז ס׳קען אָנקומען אַ מינוט, ווען איר וועט זיך שוין פֿילן צופֿיל שלעכט און איר קענט דאַמאָלס זאָגן: „דו ביסט אַ שלעכטע מאַמע און אין אַלעמען שולדיק“.

— נו, זאָל נאָר איינע פֿון אונז וואַגן אַזוי צו זאָגן, אמת, אילזעביל?

די פֿרוי מעטעטע האָט זיך אָנגעבויגן, כּדי צו פֿאַרריכטן דאָס פֿייער אויפֿן קאַמין.

— אַלזאָ, האַלט איר, אַז איך בין נישט קיין שלעכטע מאַמע? איז נישט פֿאַראַן אויף דער וועלט קיין ערגערע טאָכטער, ווי איך בין געווען, כ׳בין געווען שלעכט, לייכטזיניק, ביזן היינטיקן טאָג האָב איך נישט געפּרוּווט צו געפֿינען איר קבר... יאָ, אָבער מיר האָבן דאָך גערעדט וועגן אייער פֿאָטער. לאָמיר זאָגן, אַז ער לעבט און איר ווייסט ווער דאָס איז. באַפֿיט זיך אַליין, אים זיך פֿאָרצושטעלן!!!

— מאַמאַ, צי איז דען נישט בעסער צו קלערן וועגן עפּעס אַנגענעמערעס?

— קינדער, אָן לצנות, מיט דער מינוט, ווען איר וועט זיך דערוויסן, ווער איז אייער פֿאָטער, וועט די לאַגע זיך ענדערן: נישט איך, אויסשליסלעך, וועל פֿירן מיט אייער דערציִונג, נאָר אויך ער וועט טיילמאָל האָבן דאָס וואָרט.

— דאָס וואָלט אונז נאָך צוגעפּעלט!

— כ׳בין איבערצייגט, אַז ס׳וועט ממילא געשען, אייל

כ׳שטעל זיך נישט פאָר, אַז אייך זאָל געפעלן אַזאַ פּאָטער, וואָס זאָל מסכּים זיין מיט אַלעם. דאָס ערגסטע וואָלט אָבער געווען, ווען ער וואָלט זיך אָנגעהויבן מישן אין אונזערע עסקים. ער קען צום ביישפּיל זאָגן: „איך דערלויב נישט מאַרגאָטן צו שפּילן אויף דער וויאָלאָנטשעל, כ׳פאָדער, אַז אילזעביל זאָל באַלייגן אַן עקזאַמען, כ׳וויל נישט, אַז מאַטטעאָ זאָל קלויבן מאַרקעס״. אויב איר וואָלט אים נישט געהאָרכט, שאַפט זיך אַ קאָמישע סיטואַציע. ער וואָלט דאַמאָלט אויסגעזען לעכערלעך און וואָלט נאָר געשטערט אין שטוב. אין פאַל, ווען איינע פון אייך וואָלט אָנערקענט דעם פּאָטערס אויטאָריטעט און וואָלט אים צוליב געטון און די אַנדערע וואָלטן געבליבן ביי מיר, וואָלטן זיך געשאַפן צוויי פיינטלעכע לאַגערן.

— פון אַ ווייסער און רויטער רויז.

מאַרגאָט האָט מיט אימפּעט צעקלאַפּט די געלעכצלעך פון אייער. זי האָט שיער נישט צעהאַקט דאָס טעפּעלע.

— וואָס פאַראַ גליק, וואָס ער איז נישט מיט אונז צוזאַמען.

די מאַמע האָט ווייטער גערעדט:

— אויב כ׳האָב אייך ביז היינט נישט געגעבן קיין פאָטער, איז עס געשען נאָר צוליב מיין ליבע צו אייך. כ׳האָב אייך געוואָלט האָבן נאָר פאַר זיך אַליין. ווי איר זעט, אַלזאָ, איז „ער״ לחלוטין נישט שולדיק, כאָטש אין אמתן האָט ער זיך פאַר שולדיק בנוגע זיין קינד.

יאַננע האָט צוגעבראַכט טיי און האָט אָנגעצינדן אַ ליכט.

נאָכדעם ווי זי איז אַרויסגעגאַנגען, איז מאַטטעאָ אויפגעשטאַנען און געפרעגט:

— מאַמע, כ׳מעג אויסלעשן דעם לאָמפּ?

מאַרגאָט האָט דערלאַנגט טיי פאַר די שוועסטערן און דער מוטער. אַלע האָבן זיי געטרונקען, שווייגנדיק.

— זאָל זיך אייך נישט אויסדוכטן, אַז איך וויל פון אייך איר זאָלט לעבן לויט מיין ביישפּיל. וואָס פאַר איינעם איז גוט,

קען זיין פאַרן צווייטן גאָר שלעכט. כ'האָב גאָרנישט דאָקעגן, אַז איר זאָלט חתונה האָבן, ווען איר וועט וועלן.

מאַרגאָט איז געזעסן אויף אַ טערקישן דיוואַן און גע- שפּילט זיך מיטן טעצעלע.

— אַז כ'האָב דיך, מאַמעשי, און מיין וויאָלאָנטשעל, צי וואָס דאַרף איך אַ מאַן?

— און וואָס איז מיט קאַסאַלסן?

— קאַסאַלס! דאָס איז גאָר אַן אַנדערע זאַך! כ'וואָלט אים אַריינגעזעצט אין קעסטעלע פון דער וויאָלאָנטשעל און כ'וואָלט אים אַרויסגענומען פון דאָרטן, נאָר דאַמאָלט, ווען כ'וואָלט געוואָלט ער זאָל מיר עפּעס שפּילן.

— אַך! דו נאַר איינער!

— וואָס פאַר איינעם איז גוט, קען אינגאַנצן נישט אַנט- שפּרעכן דעם צווייטן... כ'בין צופרידן, מאַמע, וואָס דו האָסט עס אונז געזאָגט. נישט אַלע האָבן אַזויפיל מוט ווי דו! ווי לאַנג דו ביסט מיט אונז... נאָר שפּעטער, בלייבן איינע אליין אויף דער וועלט!..

די ווערטער האָט שטיל אַרויסגערעדט מאַטעאָ.

די דריטע האָט זיך אָנגערופן אילזעביל. איר קול האָט געציטערט פון גערירטקייט:

— מאַמע, צי קען מען נישט ליב האָבן אַ מאַן, אַזוי שטאַרק. ווי דו האָסט אונז ליב? מ'זאָל אים וועלן האָבן נאָר פאַר זיך, אינגאַנצן פאַר זיך... מ'זאָל אַלץ פאַר אים מקריב זיין, אפילו זיך אליין, ווען דאָס מקריב זיין וואָלט געפאָדערט גרויסע קרבנות.

די פרוי מעטטע האָט זיך איינגעקוקט אין די גליענדיקע קוילן און שטיל גערעדט, ווי צו זיך אליין:

— אוודאי קען מען. ס'איז נישט פאַראַן קיין שום אומ- מעגלעכע זאַך אויף דער וועלט...

זי האָט זיך ווידער געווענדט צו די קינדער.

— כ'האָף, אַז איר פאַרשטייט די סיבה, פאַרוואָס כ'האָב אייך ביז יעצט נישט אויסגעזאָגט דעם נאָמען פון אייער פאָ-

טער. יעצט זיצט רויק אין משך פון פינף מינוט און רעדט־
גאָרנישט. דו מאַרגאָט אויך נישט, אויב ווערסט קענען אויס־
האַלטן. דערנאָך זאָל מיר יעדערע פון אייך זאָגן, צי איר ווילט
לעבן, ווי ביז היינט, צי איר ווילט אָנהויבן אַ נייַ לעבן?

מאַרגאָט האָט שוין געעפנט דאָס מויל און געוואָלט ענט־
פערן, נאָר די מוטער האָט איר אַ ווונק געגעבן, זי זאָל שווייגן.
אין משך פון עטלעכע מינוט האָט זיך געהערט בלויז דאָס קלאַפּן
פונם זייגער און דאָס עטעמען פון די קינדער. די פרוי מעטטע
איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן. דאָס פייער איז אָפּגעגאַנגען.
די שיין פון די גליענדיקע קוילן האָט אָפּגעשלאָגן אויף די
לאַקירטע שיך פון די קינדער און די ליכט האָט ראָז געמאַכט
די כינעזישע טעצלעך.

— ס׳איז שוין דורכגעגאַנגען פינף מינוט — האָט אָפּ־
געזיפצט מאַרגאָט מיט אַ געפיל פון דערלייכטערונג.

— צוליב דער זיכערקייט האָב איך געציילט זעקס מאָל
דרייסיק.

— אָבער טייער קינד, האָסט דאָך געזאָלט קלערן, נישט
ציילן.

— אויב ס׳וועט דיך עמעצער פרעגן, וואָס פאַר אַ פאַרב
האָט שניי, וועסטו דאַרפן דעריבער קלערן, מאַמע?

— נאָר אָן חכמות, מאַרגאָט. מיר קענען אָנהויבן פון
דיר. דו ביסט די יונגסטע און האָסט אפשר אַמווייניקסטן
געדולד.

— פרעג מיך נישט, מאַמע, דו ווייסט פאָרויס מיין גאַנצן
ענטפער.

— זאָג אַלץ אָפנהאַרציק.

— ווען די טיר וואָלט זיך יעצט געעפנט און מיין טאַטע
וואָלט זיך באַוויזן, ווייסטו וואָס איך וואָלט געטון? מיט די
הענט וואָלט איך פאַרשטעלט די אויגן און שנעל אַרויסגעלאָפן
פון צימער.

— דו וואָלסט אַפילו נישט געוואָלט זען, צי ער איז אַ
שיינער?

— פאַר מיינעטוועגן, קען ער האָבן אַ פּליך אויפן קאָפּ און קרומע פיס. כ׳האָב נישט און כ׳וויל נישט האָבן קיין פאָטער.

— דיינע ווערטער זענען זייער קלאָרע און מ׳קען נישט צווייפלען וועגן דיין מיינונג. יעצט איז געקומען דיין ריי, מאַטטעאָ.

מאַטטעאָ האָט זיך צוגערוקט צו דער מוטער אַזוי, אַז זי זאָל קענען איר קוקן גלייך אין די אויגן אריין בשעתן רעדן.

— איך פאַרמאָג נישט אַזויפיל אָנטשלאָסנקייט, ווי מאַר-גאָט. כ׳וואָלט זיך אַמאָל געוואָלט דערוויסן, ווער ס׳איז געווען דער מענטש, וואָס דו האָסט אים אַזוי שטאַרק ליב געקריגן, אַז ער איז געוואָרן אונזער פאָטער. אָבער ניין, כ׳וויל בעסער נישט וויסן. אפשר איז נישט קלוג, דאָס, וואָס כ׳וויל דיר יעצט זאָגן. כ׳וואָלט געוואָלט כאָטש איין און איינציק מאָל אים זען אין חלום, דערנאָך, זאָל איך אים ווייטער פאַרגעסן. ניין, מאַ-מע, זאָג מיר נישט, ווער ער איז... טו עס נאָר אין פאַל, ווען ער וואָלט געשטאָרבן... אָדער, ווען כ׳וועל שוין זיין אינגאַנצן אַלט.

— אַזוי אַלט, ווי איך?

— מאַמע, צי דו ביסט דען אַלט?

און מיטאַמאָל:

— צי ער שפּילט אין שאָך?

— צוליב וואָס דאַרפסטו דאָס וויסן?

— ווען איך וועל אַלט ווערן, וועט ער דאָך שוין זיין דאַמאָלט גאָר אַן אַלטער (עלטערע מענטשן שפּילן אָפט אין שאָך). כ׳געדענק, אַז דער פעטער ניעלס פלעגט אויך מיט מיר שפּילן, ווען כ׳בין נאָך געווען קליין. דאַמאָלט פלעגט ער האַלטן, אַז לויט מיינע יאָרן, שפּיל איך גוט.

די פרוי מעטטע האָט איר אַ גלעט געטון.

— כ׳וועל נעמען אין אַכט דיינע ווערטער. געדענק, אַז אין דעם טאָג, ווען דו וועסט פון מיר פאָדערן, וועל איך דיר אויסזאָגן דעם נאָמען פון דיין פאָטער... יעצט דו, מיין עלטסטע

טאָכטער, דו האָסט דאָס וואָרט. האָסט געהאַט אַממייסטן צייט אויף איבערצוקלערן זיך.

— מאַמע, צי וואָלט איך געקענט בלייבן אַליין מיט דיר?

— ביטע זייער, אויב דו פאָדערסט, הגם דו ווייסט, אַז כ׳בין שטאַרק קעגן יעדן סוד צווישן אייך. אַלזאָ, זייט אַזוי גוט און גייט אַריין אין צווייטן צימער אַריין.

— מאַמע, איך וויל פאַר זיי גאָרנישט באַהאַלטן, קענסט זיי שפּעטער אַלץ איבערחזרן, אָבער... זעסט... בייזער זיך נישט אויף מיר... איך וויל דאָך דיר נישט אָנטון קיין שום יסורים... ווען נישט אַזאַ שטאַרק רחמנות אויף... אונזער פאָטער...

זי האָט זיך צוגעטוליעט צו דער מוטער און שפּיל געוויינט.

— האָסט רחמנות אויף אים?

— מיר האָבן דיך, און אונז צוזאַמען איז אַזוי אויסער-געוויינלעך גוט, אָבער ער איז דאָך איינגאַנצן אַליין. איך פלעג קיינמאָל נישט טראַכטן דערוועגן, נאָר אין דער מינוט דוכט זיך אויס, אַז ער איז פון אונז פאַריאָגט געוואָרן, ווי אַ פאַר-משפּטער. צי געדענקסטו, מאַמע, ווען די ייִנגלעך אין דער ווילדע סעלהעי האָבן געכאַפּט אַמאָל אַ קליינע וואָרנע און אַריינגע-זעצט אין אַ שטייג אַריין? דער אָרימער פויגל האָט אַרומגע-שוועבט אין דער שטייג הין און צוריק אָן אויפהער. מ׳האָט געקענט זען, ווי ער זוכט די פרייהייט. ער האָט געהאַט דער-ביי אַזעלכע טרויעריקע אויגן. ביינאַכט פלעג איך אָפט וויינען, ווען כ׳פלעג מיך דערמאָנען אָן דעם פויגל. כ׳האָב קיינמאָל קיינעם דערוועגן נישט דערציילט, כ׳האָב זיך געשעמט, ווייסנ-דיק, אַז דאָס איז נאָר אַ נאַרישקייט פון מיין זייט. יעצט האָב איך דעם איינדרוק, אַז דעם טאַטנס גורל איז ענלעך צום גורל פון יענעם פויגל... ער איז איינער אַליין און האָט קיינעם נישט, מיט וועמען ער וואָלט געקענט זיך אָפּנהאַרציק דורכ-רעדן. מאַמע, צי קען איך דיך עפּעס פרעגן?

— כ׳הער דיך, מיין קינד.

— צי האָט ער דיר קיינמאָל נישט געזאָגט, אַז ער וויל אונז זען?

פרוי מעטטע האָט געפילט, ווי שטאַרק עס קלאַפּן אירע שלייפן.

— אויב כ'זאָל דיר ענטפערן אויף די פראַגע, מוז איך דיר שוין אַלץ אויסזאָגן.

— ניין, אויב אַזוי, זאָג מיר שוין בעסער גאָרנישט. אָבער, אמת, דו קענסט פאַרשטיין, מאַמע, אַז כ'האָב אויף אים שטאַרק רחמנות?.. אויפן פאַרמשפּטן...

— אילזעביל, מיין טייער קינד, איך זאָג דיר צו, אַז יעדעס וואָרט דיינס וועט ווערן איבערגעחזרט פאַר דיין טאַטן.

אילזעביל האָט פרעגנדיק אַ קוק געטון אויף איר מוטער.

— מאַמע, דו זעסט אים טיילמאָל? און אפשר שרייבסטו זיך דורך מיט אים? גאָט זיי דאַנק, כ'וויל גאָר מער נישט ווייסן. מאַמעשי, זיי גוט צו אים, קענסט אים זאָגן אין מיין נאָמען, אַז... אַז כ'האָב אים באמת זייער ליב. וועסט אים זאָגן, אמת? ס'איז דאָך מעגלעך, מ'זאָל עמעצן ליב האָבן, כאָטש מ'קען אים לגמרי נישט...

— דו וואָלסט געוואָלט זען דיין פאָטער?

אילזעביל האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ.

— כ'וואָלט נישט געוואָלט. ביז אַהער איז אונז צוזאַמען מיט דיר זייער גוט, זאָל אויך ווייטער אַזוי פאַרבלייבן. דו ווייסט, מען וועט קענען צו ווייַנאַכט צושיקן אים בלומען אַ מתנה. ער וועט זיך פרייען, ווען ער וועט זיך דערוויסן, אַז מיר קלערן וועגן אים.

— ווייסט, אילזעביל, אַמבעסטן וועט זיין, אַז מיר וועלן אים איבערשיקן דאָס שיינע רעמל, וואָס האָסט מיר געמאַכט צו מיין געבורטסטאָג, און דאָרט וועלן מיר אַרייַנשטעלן דיין פאָטאָגראַף.

— גוט, כ'דאַנק דיר, מאַמעשי, מיר וואָלטן געדאַרפט צו-

ליגן דאָרט אויך די פאָטאָגראַפיעס פון די שוועסטערן, וויל זיי זענען דאָך אויך זיינע קינדער.

די פרוי מעטטע האָט גאָרנישט אָפּגעענטפערט דערויף.

———————

ביינאַכט איז די פרוי מעטטע געשטאַנען אַנטקעגן דעם שפּיגל און פאַנאַנדערגעקעמט אירע האָר. זי האָט דערזען איר פּנים אין שפּיגל און מיטאַמאָל אַרויסגעלאָזט דאָס בערשטל פון דער האַנט. זי האָט שרעקלעך אויסגעזען: אַלט, מיט איינגעפאַלענע באַקן און אַ פאַרוועלקטער צערע. זי האָט שנעל פאַררוקט די שטאָרן מיט גרויס מורא, אַז קיין שום פרעמדער זאָל נישט אַרויסלייענען פון איר פּנים דעם טראַגישן סוד, וועלכן זי האָט ביז אַהער אַזוי גוט געקענט באַהאַלטן...

— אָבער ווי לאַנג נאָך?..

זי האָט זיך מיט שרעק אויסגעדרייט צום בעט צו, אַזוי ווי זי וואָלט פון יענער זייט דערוואַרט הילף. זי איז ענלעך געווען צו אַ קליין קינד, וואָס באַהאַלט זיך אונטער דער קאָלדרע, כּדי נישט צו זען די שדים, וואָס קריכן אַרויס אין דער פינצטער פון יעדער ווינקל פון צימער.

די פרוי מעטטע איז שנעל אַריין אין קאַבינעט. זי האָט זיך געזעצט ביי דער ביורקע, אַרויסגעצויגן דעם שופלאָד און אָנגעהויבן דורכצוּוואַרפן אַלע אירע בריוו. זי האָט זיך פאָרזיכטיק אַרומגעקוקט איבער דער שטוב, צו עמעצער קומט נישט אָן, און האָט געעפנט די אייזערנע קאַסעטע, פון וועלכע זי האָט אַרויסגענומען אַ פּאַק פּאַפּירן, פאַרשריבענע, מיט פאַרשידענע ציפערן. זי האָט אָנגעהויבן צו רעכענען, הגם זי האָט פריער געוווסט דעם רעזולטאַט. זי האָט צוגעגעבן און אָראָפּגענומען, זייענדיק בעת מעשה באַדעקט מיט קאַלטן שווייס. ביים רעכענען האָבן איר געהאַקט אַ צאָן אָן אַ צאָן. דער קלאַנג האָט איר דערמאָנט אין אַ רעגלמעסיקן קלאַפּן פון אַ נישט פאַרמאַכטן פענצטער, וואָס ווערט אומבארחמנותדיק געשליידערט דורכן ווינט.

זי איז אַ ווײַלע געזעסן אומבאַוועגלעך, פאַרטיפט אין

רציונות. פלוצלינג האָט זי אַ כּאַפּ געטון די טעלעפאָן־טרובע און אַרויסגעזאָגט דעם נומער. וואָס האָט איר געקענט העלפן דער אַדוואָקאַט אין דער צייט, ווען זי אַליין האָט זייער גוט געקענט דעם האָפענונגסלאָזן מצב פון איר ענין. זייט עטלעכע וואָכן האָט זי מיט אַ מוראדיקער זאָרגעוודיקייט געפאָרשט די וואַקלונגען פון די גילדע־קורסן. זי האָט עס געטון אַזוי שרעקעוודיק ווי אַ מאַמע, וואָס קוקט נאָך מיט ציטערניש, די ענדערונגען אין דער טעמפּעראַטור פון איר חרוב קינד.

— פאַרוואָס האָט דאָס געמוזט געשען און גראָד יעצט?

זי האָט אים ווידער דערזען, ליגנדיק מיט אומבאַוועגלעכע אַפּלען און זיך איבערגעבויגן איבער אים און בעטנדיק, ער זאָל איר מוחל זיין. פינף לאַנגע נישט פאַרגעסענע טעג, פינף טעג, בעת וועלכע זי האָט געפילט אויף זיך דעם אומאויפהערלעכן קוק פון זיינע פאַרנעפּלטע אויגן. ביזן הייגטיקן טאָג ווייסט זי נישט, צי עספּען סאָלבערג האָט זי דאַמאָלט פאַרשטאַנען? דריי טעג פאַר סאָלבערגס אַטאַק, האָט זי געפעלשט זיין אונ־טערשריפט, גלויבנדיק אין איר גאַנצער לייכטזיניקייט, אַז ווען ער וועט זיך אומקערן פון דער נסיעה, וועט זי אים אויסזאָגן וועגן איר חטא. סאָלבערג פלעגט דאָך איר קיין שום זאַך נישט אָפּזאָגן, פאַרקערט — ער פלעגט איר נאָך געבן מער, וויפל זי האָט געפאָדערט.

אין דעם טאָג, ווען ער האָט געזאָלט קומען, האָט די פרוי מעטטע אים אָפּגעוואַרט ביים באַנהויף. ווען ער איז איינ־געזעסן אין דער קאַרעטע, האָט ער באַקומען אַן אַטאַק פון אַ אַפּלעקסיע. זי האָט געשיקט אַ דעפּעשע און אַרויסגערופן דעם זון צום קראַנקן פאָטער. ער איז תיכף געקומען.

ווען זי האָט דערזען דעם זון ביי דער טרומנע פון פאָטער, האָט זי מיטאַמאָל פאַרשטאַנען, אַז ער איז דער אומדערגרייכבאַרער מאַן, וועלכן זי האָט שרעקלעך ליב.

זי האָט גלייבצייטיק קלאָר פאַרשטאַנען, אַז דער זון דאַרף זיך קיינמאָל נישט דערוויסן וועגן דעם פאַרברעכן, וואָס זי איז

באַגאַנגען קעגן אַ מענטש, וואָס האָט איר פאַרטרעטן דאָס אָרט פון דעם פאָטער און מוטער.

די פרוי מעטטע האָט ציטערנדיק צוריקגעלייגט די פאַפּירן אין דער קאַסעטע, האָט זי פאַרשלאָסן, איינגענומען אַ פּראָשעק צום שלאָפן און איז אַריין אין שלאָפצימער. זי האָט פאַררוקט די שטאָרן, הגם ס׳איז געווען פינצטער, דער קילער הויך פון דער נאַכט האָט געבלאָזן אויף איר פּנים.

די לבנה האָט געוואָרפן ציטערנדיקע פלעקן אויף די קלאָמבן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי צוגעפרושעט מיט שניי; די ווייסע שטאַמען פון די בזשאָזע-ביימער האָבן זיך לייכט אָנגע-זען אויפן פאָן פון דער נאַכט. ס׳איז געווען שטיל אַרום און אַרום. פון צייט צו צייט זענען גאָלדענע בלעטלעך מיט אַ שאָרן געפאַלן צו דער ערד.

די פרוי מעטטע איז געשטאַנען ביים פענצטער און גע-וואַכט אויף דער ווירקונג פון דעם שלאָף-נאַרקאָטיק. אין איר מידער פאַנטאַזיע זענען אויפגעשווימען זכרונות מיט אַ קרענק-לעכער שנעלקייט. ס׳האָט אַ צאַפּל געטון דער זכרון פון די רויִקע טעג, וואָס זי האָט דורכגעלעבט אויפן שטילן אָקעאַן. דערנאָך האָט זי דערזען בערג און אויף זייער פאָן, זיך אַרום פרעבענען,ביידע ווי צעבאַלעוועטע צוויי קינדער. און ווייטער אָן ענדערונג: זי זעט דעם פינישן איינגוס, דעם בלויען הימל און ניעלסן ביים רודער. ס׳איז זיי גוט און רויִק.

אין דער שטילקייט פון דער נאַכט הערט זי בולט דאָס קול:

— „זיי מיין פרוי" — שעפטשען די געליבטע ליפּן.

— „זיי מיין פרוי" — די פּשוטע דריי ווערטער אַנט-האַלטן אין זיך אומגעהויער אַ סך גליק. דאָס גליק — וואָס קען קיינמאָל נישט דערפילט ווערן — די ווערטער זענען געוואָרן אַרויסגעזאָגט. דאָס, וואָס איז איינמאָל געזאָגט געוואָרן, קען מען שוין נישט צוריקכאַפּן.

די נאַכט, די לבנה, דער הימל באַדעקט מיט שטערן

האָבן געהערט די ווערטער — „זיי מיין פרוי".

די פרוי מעטטע האָט אויסגעצויגן אירע אָרעמס אין דער נאַכט אַריין.

שמייכלענדיק פול מיט צוטרוי האָט זי זיך אונטערגעגעבן אירע חלומות.

איז אַ רגע אַרום איז זי רויק אַנטשלאָפן געוואָרן...

## III

די קינדהייט פון מעטטע טראַפ איז איינגעטיילט אין צוויי תקופות. ווען זי קערט זיך אום מיטן געדאַנק צו יענע צייטן, זעט זי זיך אין צוויי באַזונדערע וועזנס, וואָס איינס מיטן צווייטן האָט קיין שום גייסטיקן צוזאַמענהאַנג. נישט קוקנדיק דערויף, וואָס זי האָט מיט איר פאָטער אַלץ איבערגעריסן, זענען אירע זכרונות וועגן אים פאַרבונדן מיט אַ סך רגעים פרייד און גליק. אַמליבסטן דערמאָנט זי די פרוון פון די קאָנצערטן, וואָס זענען דאַמאָלט געווען דער עיקר פון איר לעבן.

זי זעט זיך, אַלס אַ קינד, אין אַ פוסטן, קאַלטן קאָנצערט-זאַל, ווו יעדעס וואָרט שלאָגט זיך אָן די ווענט. זי זעט די מוזיקאַנטן פון דעם אָרקעסטער, ווו זיי שאַרן מיט די פיס, גייען אַרויף אויף דער עסטראַדע און סטראָיען אָן די אינסטרומענטן. דאָס דערמאָנט זי אָן אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן, ווו אַלע חיות נעמען גלייכצייטיק ריטשען, מאָנען עסן. מעטטע הערט נישט קיין שום אינסטרומענט באַזונדער, זי זעט נישט קיין פנימער פון די, וואָס שפּילן. דאָס זענען נאָר פראַגמענטן, וואָס שאַפן עפּעס איינהייטלעכס מיט דער רגע, ווען איר פאָטער גייט אַרויף אויף דער עסטראַדע און מיט איין קלאַפּ אין פולפּיט, הייסט ער שווייגן. מעטטע שטעלט אָפּ איר בליק אויפן פאָטער

און מיט איר גאַנצן וועזן גיט זי זיך אונטער דער כוואַליע פון די קלאַנגען, וואָס שוועבן צו איר — פון אים און דורך אים. מיט אַ רחבותדיק געפיל פון אונטערטעניקייט באַוווּנדערט זי זיין שלאַנקע פיגור. אין דער האַלב-טונקלקייט זעט מען קוים די באַוועגונג פון דער באַטוט און אַ לייכט רירן מיט דער לינקער האַנט. פון די חלומות וועקט זי אויף אַ קורצער קלאַפּ פונם שטעקעלע אָן דעם פולפּיט. — דאָס איז אַ צייכן, אַז מ׳זאָל איבערחזרן דעם פראַגמענט.

זי באַמיט זיך קיינמאָל נישט צו פאַרשטיין די מוזיק אָדער איר צו געדענקען. ס׳איז פאַר איר גענוג, אַז זי קען זיך מיט איר קוויקן. ס׳איז פאַר איר אינגאַנצן פאַרשטענדלעך, אַז די גרויסע, הודזיענדיקע קאָמפּליצירטע מאַשין איז אונטערטעניק דער מינדסטער באַוועגונג פון איר פאָטער. זי וואַרט אויף יעדן באַפעל פון אים.

זי האָט אַמאָל געזען אַ בילד, וואָס שטעלט פאָר דאָס באַשאַפן פון דער וועלט. גאָט — דער פאָטער האָט אַ גרויסע גרויע באָרד. ער ציט אויס זיין רעכטע האַנט און אַזוי-אַרום טיילט ער אָפּ דעם ים פון דער יבשה.

ס׳איז גענוג, אַז איר פאָטער זאָל איין ריר טון מיט זיין שטעקעלע און דער גאַנצער ים פון קלאַנגען הויבט זיך אָן צו באַוועגן.

אין איר פאָרשטעלונג איז דער כוח פונם פאָטער גרעסער ווי דער כוח פון באַשעפער. טיילמאָל פאַרגנבעט זי זיך אויף דער עסטראַדע, כדי זי זאָל בעסער קענען זיך איינקוקן אינם פנים פון פאָטער, וואָס שטייט מיט אַ פאַרוואָרפענעם קאָפּ הינטער זיך, דאָס מויל האַלב צעעפנט און ער פירט דעם אָר-קעסטער.

דער אויסדרוק פון זיין פנים ענדערט זיך כסדר. טיילמאָל איז ער אַזוי טראַגיש, אַז מעטטען קומען אָן די טרערן אין די אויגן. אַן אַנדערש מאָל ווילט זיך איר צוזאַמען מיט אים, הויך פאַנאַנדערזינגען. אַלע מענטשן זענען קליין, ער איינער איז גרויס. ווען ער ציט צונויף די ברעמען און די קלאַנגען פון

דער אָרקעסטער דערמאָנען אָן אַ ריטש פון אַ צעבייזעלטן לייב, האָט מעטטע דעם איינדרוק, אַז די וועלט גייט אונטער צוליב גאָטס צאָרן.

צוריקוועגס פון די פּרווון פאָרן זיי אַהיים אין אַ קאַ-רעטע. דער פּאַטער נעמט זי אָפּט אַרום, מעטטע פילט, אַז זיינע באַקן זענען פייכט און די הענט ציטערן אים פון גע-רירטקייט, באַהאַלטענערהייט קושט זי זיינע פינגער, איינעם נאָכן צווייטן. דער פּאַטער, ווי אַ האַלב-פאַרחלומטער, שמייכלט צו איר, ער טוליעט זי צו זיך, אַזוי ווי ער טוט עס טיילמאָל אינדערהיים מיט זיין פידל. אויף פרישטיק פלעגן זיי צופאָרן אין איינעם פון די שענסטע האָטעלן, וואָס זענען פול מיט פרעמדע מענטשן. מעטטע האָט זיי זייער פיינט. זיי רופן אים אָן „מייסטער״, חנפהנען אים און אויף פאַרשידענע שפּראַכן פרעגן זיי אויס ביי אים פּרטים פון זיין לעבן. מעטטע ליידט דערפון פשוט פיזישע יסורים. דער פּאַטער הערט אויס די אַלע רייד, קושט די דאַמען אין די הענט. ער איז העכער פון אַנ-דערע און עלעגאַנטער פון זיי. ער איז אַלעמאָל אַן אַנדערער, אָפּהענגיק דערפון, מיט וועמען ער רעדט. ס'ענדערט זיך ביי אים דאָס קול און די גרימאַסע ביים מויל, ספּעציעל ווען ער רעדט מיט אַ פרוי. מעטטע וואָלט מיטן גרעסטן פאַרגעניגן דער-שטיקט יעדערע פון זיי. טיילמאָל באַמערקט זי דעם פּאַטערס בליק, וואָס איז פול צערטלעכקייט און גערירטקייט, בשעת ער קוקט אויף אַ שיינע פרוי. פאַרוואָס קוקט ער קיינמאָל נישט אַזוי אויף איר? פאַרוואָס? די פראַגע מאַטערט אָפּט מעטטען. פאַר איר איז דער פּאָטער די פאַרקערפּערונג פון דער מוזיק. אומעטום און אייביק. יעדן פרימאָרגן וועקט איר איבער דער שאָרך פון די איבערגעמישטע בלעטלעך. אין שכנותדיקן צימער ליגט דער פּאַטער אין בעט און לייענט אַ פּאַרטיטור. מיט איין שפּרונג איז זי שוין ביי אים. זי קאָרטשעט זיך איין שטיל און דריקט זיך צו צו זיין אָרעם. זיי זענען אַזוי נאָענט לעבן זיך, אַז זי הערט די מוזיק, זי לייענט זי אין זיין בליק אין ציטערן

פון זיין מויל, האַלב-צעעפנט אין שמייכל, אין די קנייטשן אויף זיין שטערן.

זי ווייסט זייער גוט וואָס פאַראַ אינסטרומענטן ס׳דאַרפן יעצט שפּילן און מיט וועלכע דער פאָטער דיריגירט יעצט, אויסקלאַפּנדיק דעם טאַקט מיטן אייגענעם האַרץ.

דער פאָטער איז פאַר מעטטען געווען דער אינהאַלט פון איר לעבן. די שטילע, טרויעריקע, שטענדיק הוסטנדיקע מאַמע, מיט אַ קליין קינד אויף דער האַנט, איז געווען שטענדיק פאַר-ווײַנט. אַלס אַ זעקסיעריק קינד, האָט זי כמעט נישט געפילט די אָפּוועזנהייט פון דער מוטער. אין מעטטעס מוח האָט די מוטער נישט פאַרנומען מער אָרט, ווי יעדער איינער פון דעם אָרקעסטער.

ווען זי פלעגט זיך געפינען איינע אַליין מיטן פאָטער, פלעגט זי פלוידערן און לאַכן אָן אַ שיעור. זיי האָבן געהאַט טויזנטער געמיינזאַמע אינטערעסן, ווען דאָס באַווייזן זיך פון אַ פרעמדן פלעגט זיין גענוג, אַז מעטטע זאָל תיכּף ווערן אָפּ-געקילט. זי פלעגט זיך פאַרמאַכן אין זיך. פול מיט טרויער און אייפערזוכט.

איר גרעסטע פרייד זענען געווען די קאָנצערטן, ווען דער פאָטער איז אַרויסגעטראָטן מיט דערפאָלג. אַן אויסגעפּוצטע אין שטאָלצע פלעגט זי אַרויסקוקן פון לאָזשע אַ שטאַרק צו-פרידענע אויף דעם עולם, וואָס האָט פאַרפילט דעם זאַל. מיט האַרצקלאַפּעניש האָט זי דערוואַרט אויף דעם ענטוזיאַסטישן בראַוואָ לכבוד דעם אָנקומען פון איר פאָטער. מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם האָט זי זיך איינגעהערט אין דער שטילקייט, וואָס פלעגט אַרומנעמען אַלעמען אין דער רגע, ווען ער פלעגט אַראָפּלאָזן דאָס שטעקעלע, אַלס אַ צייכן פונם אָנהויב.

נישט נאָר דער אָרקעסטער, דער כאָר און די סאָליסטן זענען זיך דאָ צוזאַמענגעקומען צוליב איר פאָטער, נאָר אויך דער אויסגעפּוצטער עולם. אַלע אָן אויסנאַם זענען אַהערגעקו-מען פאַר זיינעטוועגן, אַלע זענען געהאָרכזאַם, וואַגן זיך נישט

קיין ריר, קיין הוסט צו טון, ביז דער פּאָטער וועט דערויף נישט דערלויבן.

זי איז געווען איבערצייגט, אַז ווען ס׳וואָלט איינגעפאַלן איר פּאָטער, ער זאָל אַזוי מיט אַן אויפגעהויבן שטעקעלע אַרויס-פירן דעם גאַנצן עולם פון זאַל, וואָלט ער אים נאָכגעגאַנגען, ווי די מייז נאָך דעם פאַרפישופטן פלייט. אַזאַ מין פוח האָט ער אין זיך פאַרמאָגט. זי האָט פאַרגעטערט איר פּאָטער און געצאָלט פאַר ליבע מיט איינזאַמקייט. זי האָט נישט געהאַט קיין פריינדין, קיין שום חברטע, דער פּאָטער האָט איר אַלץ פאַרטרעטן. בשעת זיינע קלענערע נסיעות פלעגט ער זי לאָזן אַליין אין שטוב. זי פלעגט דאַמאָלט בענקען אַזוי שטאַרק, אַז זי האָט גאָרנישט געגעסן און מוראדיק אויסגעבלייכט געוואָרן. אויף די פאַרווייַלונגען, וואָס פלעגן פאָרקומען לכבוד אים, פלעגט ער זי אַלעמאָל מיטנעמען. זי האָט די גאַנצע צייט געשוויגן און איז געווען נישט צוטריטלעך.

פון קינדווייז אָן האָט זי נישט געוווּסט פון קיין היים, זי האָט אַרומגעוואַנדערט מיטן פּאָטער פון שטאָט צו שטאָט, פון לאַנד צו לאַנד. ס׳איז איר געווען אַלץ איינס צי איז דאָס פראַנק-פורט, שטאָקהאָלם אָדער מאָסקווע. אומעטום זענען די האָטעלן געווען ענלעך צו זיך, די קאָנצערט-זאַלן און... דער אָרקעסטער. מ׳האָט נאָר געביטן די צונגן. אייגנטלעך האָט זי נישט געוווּסט, וועלכע שפּראַך איז איר מוטערשפּראַך. מיטן פּאָטער פלעגט זי רעדן ווי אַמאָל. טיילמאָל דעניש אָדער דייטש. ווען דער זיידע דער ערנסטער גענעראַל פלעגט אַמאָל קומען מיט אַ וויזיט, האָט מען גערעדט אויסשליסלעך דעניש.

אָן קיין שום שוועריקייט האָט זי זיך אויסגעלערנט פרעמ-דע שפּראַכן. דער ריטם פון די פרעמדע קלאַנגען זענען איר געוואָרן אייגן, נאָך איידער זי האָט זיי פאַרשטאַנען.

פון צייט צו צייט האָט מען איר געשיקט אין שולע. מ׳האָט איר דאָרט אויסגעלערנט לייענען און שרייבן. דערמיט האָט זיך איר לערע געענדיקט. זי איז זייער פרי געוואָרן זעלבשטענדיק. דער פּאָטער פלעגט גאַנץ רויִק לאָזן אויף איר

באַראָט די קופּערטן, וואָס מ׳האָט כסדר געדאַרפט איינ- און-אויספּאַקן.

מ׳האָט איר אין קיין זאַך נישט געשטערט און קיינמאָל נישט געשטראָפט. זי האָט נישט קיין מורא געהאַט פאַר קיין באַרוורפן און זי האָט געהאַט געגוג מוט אין טאַט. אָפּנהאַרציק און פריי פלעגט זי זאָגן איר פאָטער, וואָס זי וויל. צומאָל, פלעגט דער פאָטער זיך צעלאַכן, אויסהערנדיק אירע רייד. זי פלעגט מיט אים צוזאַמען לאַכן. זי האָט קיינמאָל נישט געדאַרפט זאָגן קיין ליגנט. צו די ליגנס פון איר פאָטער איז זי געווען גלייכגילטיק. ער פלעגט אָפּנאַרן בלויז אַנדערע. מיט דער צייט האָט זי פאַרשטאַנען, אַז בלויז צוליב פולקייט האָט ער פאַר איר קיין זאַך נישט באַהאַלטן. ער פלעגט זיך איר מתוודה זיין פון יעדער זאַך. אָפט איז איר קינדישער שכל נישט פעיק געווען אויפצונעמען זיינע געדאַנקען. זי פלעגט נישט טראַכטן דערוועגן.

צו דעם פאָטערס ליבע — צופאַלן, האָט זי קיין שום ערנסטע באַציונג נישט געהאַט. פרינציפּיעל איז זי געווען אַ שונא יעדער פרוי, וואָס האָט זיך באַמיט צו באַזיגן איר פאָטערס האַרץ. מעטטע האָט געוווּסט, אַז דאָס איז נישט אויף לאַנג און סוף כל סוף וועט מעטטע זיגן. ווען זי האָט געוואָלט פטור ווערן פון צודרינגלעכע פרויען האָט זי זיי אָפּגענאַרט, נישט רויטלענדיק זיך אַפילו. ס׳האָבן זי נישט גערירט קיין שום טרערן און זיפצן. מעטטע האָט קלאָר פאַרשטאַנען, אַז די שטאַרקסטע ליידנשאַפט פון איר פאָטער, אַפילו אַ שטאַרקערע פון מוזיק, איז געווען האזארד. מעטטע פלעגט אים אַלעמאָל אָפּוואַרטן, ווען ער פלעגט אַהיימקומען נאָך אַ גאַנצער נאַכט שפּילן אין קאָרטן.

ער האָט זיך געזעצט ביי איר בעט, געטוליעט זי צו זיך, און בשעת מעשה געשאָלטן די פּאַרטנערן, דאָס שפּילן און זיך אליין. זי האָט אים געטרייסט נאָך דעם פאַרלוירענעם געלט, ווי נאַר זי האָט געקאָנט. ווען קיין זאַך האָט שוין נישט גע-

האָלפן, האָט זי געזאָגט: „מיר וועלן אָנשרייבן צום גע-נעראַל".

ווי האָט דאָ געמיינט איר זיידן, וואָס איז פאַר איר געווען שטענדיק דער „הער געגעראַל".

דער פאָטער האָט איר האַרציק געדרוקט צו זיך און געזאָגט: „דו ביזט אַ מלאך, נאָר ווייסט וואָס, מיר וועלן נישט שרייבן נאָר בעסער טעלעגראַפירן, דאָס וועט מאַכן אַ שטאַר קערן איינדרוק."

געוויינטלעך, אין עטלעכע טעג נאָכן אַרויסשיקן די טע-לעגראַם, פלעגט אָנקומען דער גענעראַל אַליין, אַלעמאָל מיט דערזעלבער טענה.

— צי קלערסטו אַמאָל דערוועגן, וואָס וועלן מיר טון אַז אונזער גאַנצער קאַפּיטאַל וועט זיך אויסשעפּן?

— וואָס כ'וועל טון, פאָטער? נישט אַנדערש, ווי זיך אויפהענגען.

דער גענעראַל פלעגט זיך באַמיען צו באַרויקן דעם זון.

— נו, נו רעד נישט קיין נאַרישקייטן. דערצייל בעסער, ווען וועסטו שוין ווערן אַ לייט?

נישט געבענדיק קיין שום תשובה, האָט דער זון אַ-פּרעג געטון:

— וואָס מאַכט אונזער בעל-הביתטע, צי איז קיין שום ענדערונג נישט פאָרגעקומען?

דער גענעראַל האָט אַ טרייסל געטון מיטן קאָפּ אויף ניין.

— שטענדיק דאָס זעלבע, זי באַגנבט מיך, ווי נאָר זי קען. פון דער דינערשאַפט באָרגט זי כסדר געלט.

מעטטע האָט קלאָר פאַרשטאַנען, אַז בעת די וויזיטן פונם גענעראַל, איז זי פאַרן פאָטער איבעריג. ביידע הערן האָבן זיך צוזאַמען געפילט אויסגעצייכנט; זיי האָבן שטענדיק געהאַט זיך עפּעס וואָס צו זאָגן. אין די אָוונטן פלעגן זיי צוזאַמען אָפּ-שטאַטן וויזיטן אָדער גיין אין טעאַטער און אויף קאָנצערטן.

— מעטטע דו וועסט היינט בלייבן אין שטוב — האָט געטענהט צו איר דער פאָטער, דו ווייסט דאָך, אַז עטלעכע

מענטשן זענען שוין אפגעווינט פון דער געזעלשאפט פון קינדער.

פאר א טרייסט פלעגט ער איר ברענגען מתנות. זי פלעגט אפילו נישט קוקן אויף זיי. זי האט געהאט איין-און-איינציקן פארלאנג: דער גענעראל זאל ווי אמשנעלסטן אוועקפארן. די אוונטנס האט זי פארבראכט אין א האטעל-צימער. זי האט נישט אנגעצונדן קיין ליכט. אין דער פינצטער איז איר גרינגער געווען צו קלערן און פסדר זיך צו פרעגן: פארוואס האט דער פאטער ליבער דעם גענעראל, ווי איר? זי איז געווען אים א סך מער איבערזיכטיק, ווי אלע פרויען צוזאמען, וואס דער פאטער פלעגט, אין איר אנוועזנהייט, ארומנעמען, אדער פאלן צו די פיס.

ווען ער פלעגט פארן אויף קאנערצן קיין דענעמארק, פלעגט ער אויף דער צייט איינארדנען מעטטען אין א פאנסיאן. זי האט קיינמאל נישט געבעטן, ער זאל זי מיטנעמען מיט זיך, הגם דארט האט דאך געוווינט דער גענעראל און די הוסטנדיקע, בלייכע פרוי.

אין דעם טאג, ווען דער גענעראל, פלעגט אוועקפארן איז דער פאטער ארומגעגאנגען שטארק פארזארגט: צו וועל איך אים נאך זען איינמאל אין לעבן. — פלעגט ער רעדן צו זיך, תיכף זיך אוועקגעזעצט שרייבן א בריף קיין דענעמארק. יעדע וואך פלעגט ער שרייבן צום פאטער און יעדע וואך האט ער געקריגן אן ענטפער.

אפט פלעגט טרעפן, אז דער פאטער איז געווען דערשלאגן פון עפעס אן אומאנגענעמלעכקייט מיט א געוויסער פרוי, וואס פלעגט נישט וועלן פארלאזן זיין צימער, וויינענדיק בשעת-מעשה מיט ביטערע טרערן. ער פלעגט בעטן מעטטען:

— שרייב נאך די מאמען, זאל זי קומען. דעם אמת געזאגט, איז זי דאך די איינציקע פרוי, וואס כ׳האב ליב און מיט וועלכע איך וויל זיין צוזאמען.

ער האט אנידערגעזעצט מעטטען ביים ביורקע, אנגעצונדן צוויי ליכט און דיקטירט א בריף וואס מעטטע האט געמוזט שרייבן, הגם זי האט עס גאר נישט געוואלט. זי האט נישט

געוואַלט. אַז די מוטער זאָל קומען. וואָס לענגער דער בריף איז געווען אַלץ וואַרשיינלעכער איז געווען די מאַמעס קומען. ס'פלעגט זיך אַלעמאָל ענדיקן דערמיט, אַז דער פאָטער פלעגט זיך שטאַרק פאַנאַנדערלאַכן. ווען ער פלעגט דערזען אַן אָרטאָגראַפישן פעלער, וואָס פלעגט אין בריף ניט פעלן. אַזוי פלעגט זיך אַלעמאָל ענדיקן דאָס שרייבן. מ'האָט אַוועקגעוואָרפן דעם בריף אין קויש אַריין, דער פאָטער האָט אַרומגענומען די טאָכטער און געטענהט:

— זאָג, טייער קינד, צו איז אונז נישט באַקוועם, ווען מיר זענען נאָר ביידע צוזאַמען?

איינמאָל האָט מעטטע אונטערגעהערט אַ געשפּרעך מיטן גענעראַל:

— פאַרוואָס פירסטו נישט דורך דעם גט, צי ווילסטו אַ גאַנץ לעבן אַזוי שלעפּן די קויל פאַר דיינע פוס? דו ווייסט דאָך, אַז כ'האָב זיך אונטערגענומען אויסצוהאַלטן ווי געהעריק, איר מיט אירע קינדער.

דער פאָטער האָט געבראָכן די פינגער און געענטפערט:

— אייגענטלעך, איז אַזאַ סיטואַציע פאַר מיר, די באַקוועמסטע.

דער גענעראַל האָט אַ שמייכל געטון:

— ביסט גערעכט, ווייל ביים היינטיקן טאָג ביסטו זיכער, אַז וועסט נישט פאַלן פונם רעגן אונטער אַ ריינע.

די ווערטער זענען געבליבן אין איר זכרון, הגם זי האָט נישט פאַרשטאַנען זייער טייטש.

כדי אָנצוטאָן דעם פאָטער פאַרגניגן האָט זי זיך געלערנט שפּילן אויפן קלאַוויר און זי האָט געאיבט צוביסלעך אויף איר קליינע פידל. דאָס פלעגט איר קיין שום פאַרגעניגן פאַרשאַפן: וואָלט כאָטש דער פאָטער אַליין איר צוגעווייזן; אָבער ער האָט נישט געהאַט דערצו קיין צייט און נישט קיין געדולד.

דער גרעסטער לויב, וואָס זי האָט אַמאָל פון אים געהערט, איז געווען:

— ביסט אַ מאַטעריאַל אויף אַ ווירטואָזין. אָדער דו וועסט

קיינמאָל נישט זיין קיין קינסטלערין.

זי פלעגט אָפט הייס בעטן איר פאָטער ער זאָל ערפילן איר ווונש:

— ווייז מיר צו, ווי מען לייענט אַ פּאַרטיטור.

ער האָט איר אַלעמאָל אָפגעזאָגט און פאַרענטפערט זיך דערמיט, אַז ס'איז נאָר אַ שאָד די צייט, זי וועט זיך מיי ווי סיי גאָרנישט אויסלערנען.

זי האָט נאָכאַמאָל איבערגעחזרט איר ביטע. דער פאָטער האָט זי אָנגעדונגען צו אַ לערער פון טעאָריע. אונטער זיין אויפזיכט האָט מעטמע געמאַכט זייער שנעלע פאָרשריטן. מיט אַ וווּנדערבאַר ענערגיע און פלייסקייט האָט זי געמאַכט די שווערסטע אויפגאַבן און אַריינגעפירט דעם לערער אין שטוינונג. ביים פאָטער האָט דאָס אַרויסגערופן נאָר אַ שמייכל.

— ווי נישט פאַרשטענדיק זענען די מענטשן. זי פאַרמאָגסט גרויסע מאַטעמאַטישע פעיקייטן, דערפון נעמען זיך דיינע פאָרשריטן אין מאַטעמאַטיק. איך זאָג דיר צו נאָכאַמאָל, אַז דו וועסט קיינמאָל נישט זיין קיין קינסטלערין און אַ קאָמפּאָזיטאָרין אַודאי נישט.

דער צילזאָזער תענוג פון דער מוזיק האָט זיך געענדיקט בלויז אויף פרווון. מיט אַ אָנגעשטרענגטער אויפמערקזאַמקייט האָט זי אָנאַליזירט דעם אינסטרומענט באַזונדער. זי האָט שטאַרק געליטן דערביי, נאָר בשום אופן נישט געוואָלט אָפטרעטן פון דעם איינמאָל אונגענומענעם באַשלוס. דער רעזולטאַט פון דער אָנגעשטרענגטער גייסטיקער אַרבעט איז געווען דאָס, וואָס זי האָט ערוואָרבן אַ וועג צום לאָגישן דענקען און זי האָט געקענט באַהערשן די ליניע פון געדאַנקען-גאַנג.

ס'איז פאַר איר געווען קלאָר, אַז זי טוישט איינגאַנצן איר גייסטיקן פנים און האָט נישט געקאַרגט קיין אַרבעט, גייענדיק דרייסט צו איר ציל. מיט דער רגע, ווען זי וועט קענען לייענען אַ פּאַרטיטור וועט זי מסוגל זיין דורכצודרינגען דעם טאַטנס גייסטיקע וועלט און ווערן זיין אמתע פריינדין. איידער זי האָט אָבער באַוויזן צו צוקומען צום ציל, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז

צווישן זיין סובטעלן געשמאַק פאַר מוזיק און איר לאָגישן דענ-
קען וועגן איר, ליגט אַ ריזיקע תהום, וואָס וועט זיי אייביק
פאַנאַנדערטיילן צווישן זיך.

זי האָט גענומען בענקן נאָך מוזיק, אין וועלכער זי האָט
גאָרנישט איבערגעקליבן. ליידער, איז שוין דערצו געווען צו
שפּעט.

אָפּט, ווען זיי פלעגן דורכפאָרן פון איין שטאָט אין דער
אַנדערער, פלעגט דער פאָטער פאַרפירן אין וואַגאָן פאַרשידינע
באַקאַנטשאַפטן. מ׳האָט אַרויסגעצויגן די קאָרטן צום שפּילן און
האָט זיך צו געקוקט צו יעדער פּאַרטיע מיט גרויס אינטערעס. הגם
זי איז שטאַרק מיד געווען, דאָך האָט זי געפּאָרשט יעדן אויס-
דרוק פונם פאָטערס פּנים. ס׳האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז די
מוזיק שטראַלט אַרויס פון אים. די שטראַלן זענען אָבער אַזוי
טונקל, אַז זי גיבן צו אַ מאַטקייט זיין פּנים. קאָרטן — דאָס איז
געווען אַן אָרקעסטער, וואָס באַשטייט פון פאַרשאָלטענע אינ-
סטרומענטן, וועלכע דער פאָטער פירט נישט לייענענדיק קיין
פּאַרטיטור. אויף זיין פּנים האָט מען געזען אַ גוואַלדיקע אָנ-
שטרענגונג פון אויפמערקזאַמקייט און קאָנצערטרירטקייט. עס האָט
אויסגעזען אַזוי, ווי בשעת זייגע קאָנצערטן, אויף וועלכע ער
פלעגט זאָגן, אַז אָדער ער וועט זיגן אָדער פאַרלוירן גיין. די
הענט האָבן אים געציטערט, די האָר זענען געווען צוגעקלעבט
צו די שלעפן, דאָס מויל האָט זיך באַוועגט נערוועז, דערביי
זענען די אויגן פאַרבליבן קאַלט, אונבאַוועגלעך און פול מיט
פאַרביסנקייט. מיט דעמזעלבן בליק פלעגט ער צונעמען אַ פרוי,
וואָס האָט זיך פלוצים באַוויזן אינם האָטעל אין דער צייט,
ווען ר׳האָט זיך לחלוטין אויף איר נישט געריכט.

מעטטע האָט זיך אויסגעלערנט פאַנאַנדערצושיידן די קאָרטן. זי
האָט בסוד געקויפט זיך אַ טאַליע קאָרטן און בשעת דער אָפּוועזנ-
הייט פונם פאָטער האָט זי געשפּילט מיט זיך אַליין. דערביי
האָט זי זיך פאָרגעשטעלט, אַז זי שפּילט מיט אַ פּאַרטנער. און
אַ קורצער צייט האָט זי שוין גוט פאַרשטאַנען דעם פאָטערס
שפּילן און געחלומט דערפון, מ׳זאָל זי צולאָזן צו אַ אמת׳ער

פּאַרטיע. זי האָט זיך אַזוי שטאַרק דורכגענומען מיט דעם גע־ווינס אָדער פאַרשפּילטס פונם פאָטער, אַז דער שווייס איז איר אַרויסגעטרעטן אויפן שטערן, די הענט האָבן געציטערט פון גע־רירקייט און די צונג אין מויל איז איר טרוקן געוואָרן.

איינמאָל אין אַ נאַכט, צווישן פראָג און ווין, זענען זיי אַליין געבליבן אין וואַגאָן. מעטטע האָט פאָרגעלייגט דעם פאָטער, ער זאָל מיט איר שפּילן אַ פּאַרטיע. ער האָט זיך שטאַרק געוווּנ־דערט און נישט געגלויבט זיינע אויגן. ווען די באַן האָט זיך אין ווין אָפּגעשטעלט, האָבן זיי נאָך אַלץ געשפּילט. ביידע זענען געווען שטאַרק צעהיצט כמעט באַוווסטלאָז פון אויפרעגונג.

אין דער דאָזיקער נאַכט זענען די ערשטע טראָפּנס סם אַריינגעדרונגען אין דער נשמה פונם מיידל.

מעטטע האָט געענדיקט פערצן יאָר און אין דער דאָזיקער צייט פון איר אָנהויב פון נייעם לעבן האָט זי אויף לאַנגע יאָרן פאַרלוירן דער גרונט פון אונטער די פיס.

IV

אין איינעם אַ טאָג איז דער גאַנצער צימער געווען פאַר־יואָרפן מיט בלומען, וואָס דער פּאָטער האָט אָנגעטראָגן. מיט אַ אומצוטרוי, האָט זי זיך צו דעם אַלעם צוגעקוקט, זי האָט באַ־שפּרקט זיין וואַקסענדיק פרייד און געהאַט דעם איינדרוק אַז ער באַראַט זי. צוליב וואָס קומט די פרוי דאָ אַלעמאָל אַ הער?

זי האָט דרייסט געקענט בלייבן אין דענעמאַרק. אויפן קלאַוויר איז געלעגן אַן אָפענע דעפּעש, וואָס האָט אָנגעזאָגט דער מאַמעס קומען.

דעמזעלבן טאָג נאָכמיטאָג איז מעטטע צופעליק געווען דער עדות־ פון אַ דירנדיקער סצענע צווישן דעם פּאָטער און אַ יונגער, שיינע בלאָנדינקע, וואָס זיי האָבן דערקאָנט אין אָסטענדע און פאַרבראַכט מיט איר דעם גאַנצן זומער. זייט צוויי טעג צוריק איז די פרוי פאַרשוווּנדן געוואָרן פון דעם האָריזאָנט.

מיטאַמאָל, היינט, אומגעריכט, נישט אָנקלאַפּענדק אַפילו איז זי אַריינגעפאַלן אין צימער אַריין, באַגיסנדיק זיך מיט טרערן. זי איז געפאַלן דעם טאַטן צו די פיס. קאַלט אָן קיין שום געריערטקייט, האָט ער געזאָגט:

— מיין טייער קינד, איך בין באמת נישט בכוח מיט יעדער פון אייך צו גיין צו דער חופה.

שלוכצנדיק, האָט זי געוואָרנט, אַז זי וועט זיך דערטרינ־קען. דער פאָטער האָט גערירט מיט די אַקסלען און נערוועז געריבן די הענט.

איין רגע פון שרעקלעכן שווייגן און די יונגע פרוי איז אַרויס פון שטוב און פאַרהאַקט די טיר הינטער זיך. דער טאַטע האָט זיך דערפון גאָרנישט געמאַכט. ־פייפנדיק שטיל, האָט ער אַריינגעלייגט די צוקערלעך אין אַ באָמבאָניערקע און געהייסן דעם לאָקיי, ער זאָל געבן מיטאָג. ערשט יעצט האָט ער באַ־מערקט מעטטען וואָס איז געזעסן איינגעקאָרטשעט אין אַ ווינקל, ער האָט זי אַרומגענומען און געזאָגט:

— נו, האָסט שוין איינמאָל געמוזט מורא האָבן פאַר דער משוגע׳נער. כ׳האָף אַז דו האָסט נישט געהערט אָט די אַלע זידלערייען, וואָס זי האָט געזאָגט.

מעטטע האָט אויפמערקזאַם אַ קוק געטון אויפן פאָטער:

— די פרוי וועט האָבן דיינס אַ קינד און איר פאָטער וועט זי אַרויסוואַרפן אויף דער גאַס, אויב דו וועסט מיט איר נישט חתונה האָבן.

— אַרויסוואַרפן אויף דער גאַס — עס זאָגט זיך נאָר אַזוי: אַלע וואָלטן זיי געוואָלט כ׳זאָל מיט זיי תיכף חתונה האָבן, איך האָב דאָך אַ פרוי און דעם אמת געזאָגט, בין איך נאָר צו איר אמתדיק צוגעבונדן. מעטטע, דו פרייסט זיך דערפון, וואָס די מאַמע און די ברידערלעך וועלן קומען. אמת?

מעטטע האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף ניין.

— אַלזאָ איז נישט? דאָס איז נישט גוט, מעטטע דו דאַרפסט זיך פרייען. זי איז דאָך דיין אייגענע מאַמע. דערביי איז זי אַזוי שיין און זי דערמאָנט אָן אַ שוואַן. אַ ווייסער שוואַן אויף אַ שוואַרצער פאָן. זי איז אויסערגעוויינלעך צאַרט — איי־נציקער קאַלטער הויך, און זי פילט זיך שוין שלעכט. מיר מוזן איר אויף די הענט טראָגן... ווי דוכט זיך דיר, ווו וועלן מיר זיך באַזעצן? ס׳איז דאָך שווער דאָס גאַנצע לעבן זיך צו וואַלגערן פון איין האָטעל אינם אַנדערן. ווער האָט כוח צו דעם אַלעמען?... איך בין אַליין נישט באַשאַפן צום וואַנדערן. ענדלעך

וועל איך שוין האָבן אַ שטילע אייגענע שטוב. מיר וועלן קויפן אַ הויז מיט אַ גאָרטן. די יינגלעך וועלן דאָ מאַכן אַ לעבן און דיין מאַמע האָט אַזוי ליב בלומען...

מעטעטע האָט געפרעגט:

צי וועט זי באמת זיך דערטרינקען?

— דערטרינקען? ווער? אַך זי... זיכער נישט. איין קליין בס״עה׳לע איבער איטאַליע און אַלץ וועט זיין אין אָרדענונג. געדענק, קיין איין וואָרט אַפילו פאַר דער מאַמען. וועגן דעם אַז מיר זענען געווען אין מאָנטע-קאַרלאָ, זאָלסטו אויך גאָרנישט דערציילן. די מאַמע וואָלט געהאַט יסורים. מיר קענען דאָך האָבן אונזערע בשותפותדיקע סודות. די מאַמע שוועבט אַלעמאָל אַרום אין די הימלען. צוליב וואָס זאָלן מיר איר אַראָפּציען אויף דער ערד, אויב זי האָט דאָרט אַלץ, וואָס זי וויל.

— גיב אַ קוק, וואָס כ׳האָב פאַר איר צוגעגרייט...

ער האָט געוויזן מעטעטען אַ רינג מיט צוויי גרויסע פערל.

— און יעצט הער אויס,וואָס כ׳האָב פאַר איר אויסקאָמפּאָנירט.

ער האָט זיך געזעצט צום קלאַוויר אָנגעהויבן ברומען אַ מאָטיוו, צוקלויבנדיק זיך דעם אַקאָמפּאַניאָמענט.

ווען דער צוג האָט זיך פאַרהאַלטן אויף דער סטאַציע, איז מעטעטע געשטאַנען נעבן פאָטער. זי האָט דערזען אַ בלייכע, צאַרמ׳ע פרוי, וואָס דער פאָטער האָט געקושט בשעתן באַגריסן זיך. נעבן איר זענען געשטאַנען צוויי יינגלעך, וואָס האָבן עפּעס איינגעוויקלט אין דער האַנט. כמעט, ווי מיט אַפשוי האָט זי אַ קוש געטון דער מוטער און מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ, באַגריסט ביידע ברידער.

אין דער קאַרעטע האָט דער פאָטער געלאַכט פרייליך און געקושט דער מאַמעס פנים, וואָס איז געווען פאַרשטעלט מיט דער וואַלקע. אינם האָטעל איז געווען צוגעגרייט שאַמפּאַניער. די מאַמע האָט קוים איינגענומ[illegible] אין אים די ליפּן. די יינגלעך האָט זי פאַרווערט צו טרינקען.

— פריער מוזן זיי עפּעס אָפּעסן; פון דער פרי אָן האָבן

ווי מער נישט געהאַט אין מויל. ווי צו גלעזלעך שוואַרצע קאַווע.

— פאַרוואָס? צי איז נישט געווען קיין רעסטאָראַן־ווז גאָן?

— כ׳האָב נישט געהאַט מער קיין געלט.

מעטטע האָט זיך איינגעקוקט אין דער מוטער און געזען אויף איר פנים פלעקן פון ציגל־קאָליר. זי האָט אויסגעזען צו זיין קראַנק.

— ווי דאָס? געלט? איך האָב דאָך...

— האָסט אָבער נישט שטענדיק געדענקט, אַז דו דאַרפסט אונז שיקן געלט.

— אָבער מיין פאָטער איז דאָך געווען אויפן אָרט.

— לאָמיר בעסער דערוועגן נישט רעדן, לעאָ.

נאָך אַ קורצער פויזע האָט דער פאָטער זיך אָפּגעטרייסלט פונם אומאַנגענעמען איינדרוק און געזאָגט:

— לאָמיר שוין אויפהערן רעדן און אַפילו קלערן וועגן די טרויעריקע זאַכן. מיר הויבן דאָך אָן אַ נייע, אַ גליקלעכע תקופה אין אונזער לעבן.

מעטטע האָט געהערט בעפּטעס הוסטן און צוגעזען ווי יריק די יינגלעך כאַפּן זיך צום עסן. בלויז דער פאָטער האָט געטרונקען שאַמפּאַניער. ער האָט איבערגעדרייט איין בעכער נאָכן צווייטן. מעטטע האָט אינסטינקטיוו געפילט, אַז דער פאָ־טער וויל מיטן אַלקאָהאָל פאַריאָגן זיין אַנטוישונג. די קרענקלעכע פרוי איז גאָרנישט שיין, מיט קיין שום זאַך דערמאָנט זי נישט אָן קיין שוואַן. מעטטע פלעגט מיטן געדאַנק זיך אומקערן כסדר צו יענער בלאָנדינקע. אפשר וואַרפט זי זיך אין דער רגע פונקט אין וואַסער אַריין?

די צווייטע וואָך וועל איך דיריגירן מיט דער נייִנטער סימפאָניע. צי געדענקסטו בעאַטע, די פּרוון אין דרעזדע? האָסט דאַמאָלט קיין איינע אַפילו נישט פאַרפעלט. אייגנטלעך האָט זיך אין דרעזדע אָנגעהויבן מיין קינסטלערישע קאַריערע.

ער האָט אָנגעהויבן צו רעדן וועגן די כאָרן. מעטטע האָט געוווּסט, אַז דאָס רעדט ער אַליין נאָר צוליב דעם, אַז

קיין צוזייסער זאָל נישט קומען צום וואָרט. ער האָט נישט גע־וואָלט דערלאָזן דערצו, מ׳זאָל אים זאָגן עפּעס, וואָס קען אים פאַרשאַפן אומאַנגענעמלעכקייטן.

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט די מוטער מיט מעטטען און די ברידער זיך אַריינגעצויגן אין אַן אַלט הויז, וואָס איז געווען דורכגעזאַפּט מיטן ריח פון מייז און פון לאַנג נישט צוגעקערטן שטויב. דער פאָטער האָט געדאַרפט מנוחה, דעריבער איז ער פאַר־בליבן אין האָטעל. פון אָנהויב איז ער געקומען יעדן טאָג, דער־נאָך יעדן צווייטן טאָג; צום סוף זענען די פּויזעס געווען אַלץ ברעסערע און אויב דער פאָטער פלעגט קומען, איז נאָר אויף אַ ווײַלע.

אויף מעטטען האָט קיינער קיין שום אַכט נישט געלייגט. ס׳האָבן זיך געענדיקט די קאָנצערטן און די אויפנאַמעס. די ברי־דער זענען געווען שלעכט דערצויגענע יינגלעך, וואָס פלעגן זיך קריגן איבער יעדע קליניקייט. איבער פינצטערע צימערן אָן זון האָט אַרומגעשוועבט אַ פרעמדע, הוסטנדיקע פרוי, מעטטע האָט זי גערופן: — מאַמע. גאַנצע טעג ד־האָט זי געוויינט אין די ווינקלען, זייענדיק זיכער, אַז קיינער זעט זי נישט.

דער פאָטער האָט זיי אָפּט גענומען אויף אַ קאָנצערט, דערנאָך אין אַ רעסטאָראַן; ער פלעגט דאָרט באַשטעלן אַ פיין אָוונטברויט, דערבײַ דערציילט וויצן, טרינקנדיק בשעת-מעשה אַ סך ווײַן. די מאַמע איז געזעסן מיט פלאַמען אויפן פּנים און זיך צוגעהערט צו די פרייליכע דערציילונגען.

מעטטע האָט איינגעזען, אַז דער פאָטער פאַרגעסט אָפּט צו געבן געלט צו דער צייט. אין איינעם אַ טאָג האָט זי אַוועקגע־טראָגן אַ בראָש אין לאָמבאַרד אַריין, דערנאָך ווידער דאָס פינגערל מיט די פּערל.

מעטטע האָט קיינמאָל נישט געוויינט. די טרערן וואָלטן איר נישט קיין סך געהאָלפן, און אויך נישט פאַרענטפערט די פראַגע, פאַרוואָס מען באַגייט זיך אַזוי מיט איר.

אין איינעם אַן אָוונט איז דער פאָטער געקומען זייער שפּעט, ווען אַלע זענען שוין געשלאָפן. מעטטע איז געלעגן

אויף דער קאַנאַפּע און נישט געקענט אַנטשלאָפן ווערן. זי האָט דערהערט אַ געשפּרעך, וואָס זי האָט נישט געדאַרפט הערן.

די מוטער האָט געזאָגט.

— גוט, איך קען צוריק פאָרן. נאָר מעטעלע וועט מיט־פאָרן מיט מיר.

— איך קען אָן מעטעלען נישט לעבן!

— איך קען אָבער נישט טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכ־קייט פאַרן מיידל, אויב כ׳וועל זי לאָזן ביי דיר.

מעטעלע האָט מיט כּוח זיך איינגעהאַלטן, זי זאָל נישט אַרויסשפּרינגען פונם בעט און פאַרוואַרפן דעם פאָטער די אָרעמס אַרום דעם האַלז און בעטן:

— נעם מיך צו פון דאַנען, טאַטע, איך וועל דאָ שטאַרבן, אָן דיר קען איך מער נישט לעבן.

זי איז געלעגן, ווי פאַראַליזירט מיט אַ פאַרהאַקט מויל.

אין משך פון עטלעכע טעג האָט דער פאָטער זיך נישט געוויזן אין שטוב. צום סוף איז ער געקומען צוגיין אַ צע־שטראַלטער מיט אַ בוקעט בלומען:

— דו ווייסט, בעאַטע, כ׳בין דערגאַנגען דערצו, אַז עס וועט זיין אַמבעסטן, ווען מיר וועלן די יינגלעך אָפּגעבן אין אַן אינטערנאַט און איך וועל זיי באַזוכן ביי יעדער געלעגנהייט. דו אַליין זאָלסט צוריקפאָרן קיין דענעמאַרק.

— ווי דו פאַרשטייסט, מיין טייערער.

מעטעלע איז ווידער געשטאַנען לעבן פאָטער אויפן פעראָן שוין צום לעצטן מאָל. ס׳האָט אויף איר קיין שום איינדרוק נישט געמאַכט, ווען דער פאָטער האָט געזאָגט:

— כ׳האָב זיך אָנגעפרעגט ביים טאַטן, צי ער וואָלט נישט געוואָלט צונעמען מעטעלען צו זיך אויף אַ קורצע צייט דו וועסט זי דאָרט קענען באַזוכן.

— ווי דו פאַרשטייסט.

זיי זענען געווען אַליין אין וואַגאָן. אַ שטילשווייגן. דער צוג איז געלאָפן. דער מאַמעס פּנים איז געווען אַלץ בלייכער

און טרויעריקער. שעפּטשנדיק האָט זי אַרויסגעזאָגט:

— דו דאַרפסט נישט זיין בייז אויף מיר, מעטעט. איך בין נישט שולדיק דערין. אין אַ צייט אַרום וועסטו זיי אומ-קערן צום פאָטער. איך, אָבער, האָב קיינעם נישט, צו וועמען כ׳זאָל זיך קענען אומקערן — און קיינער ווער ס׳זאָל צוריק-קומען צו מיר.

דאָס זענען געווען די איינציקע ווערטער, וואָס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן בשעת דער נסיעה קיין דענעמאַרק.

— — — — — — — — — — — — — — —

די מוטערס לעצטע ווערטער ביים געזעגנען זיך, זענען געווען: „פאַרגעס מיך נישט אינגאַנצן. איך בין דאָך פאָרט דיין מאַמע...״ וועגן דעם וואָרט האָט מעטעט שטענדיק געקלערט.

דער גענעראַל האָט צוגענומען מעטעטן און איז מיט איר אַוועקגעפאָרן. אויפן וועג האָט ער זיך אָנגעבויגן צו איר און איר שטיל אַ זאָג געטון:

— דו וועסט מסתמא באַמערקן, אַז דיין באָבע איז נישט... נישט אינגאַנצן געזונט. זי ליידט אויף אַ פיקס-אידעע, אַז זי וועט מוזן שטאַרבן אין אַ בעטלערהויז, אָדער פון הונגער. דע-ריבער עסט זי קיינמאָל נישט צו דער זעט... האָט נישט ליב ווען אַנדערע טוען דאָס, איר פאָטער איז געווען... ווי זאָל איך דיר זאָגן... אַ פּראָצענטניק. ער האָט זיך אויפגעהאָנגען אויס מורא, אַז ער וועט ווערן אָרים. אַ חוץ דעם, האָט ער טאַקע פאַרלוירן אַ גרויס פאַרמעגן. יעצט ווייסטו שוין אַלץ וואָס דו דאַרפסט וויסן. יאָ, נאָך אַ זאַך: אויב דיין באָבע וועט דיך בעטן זאָלסט איר געבן געלט, זאָג איר פשוט אָפּ.

מעטעט איז געזעסן אין וואַגאָן, דערשלאָגן פון איר איי-גענעם שווייגן. זי האָט הייסט עס אַ באָבע! אָבער איר איי-גענער פאָטער...

דער גענעראַל האָט זי געפירט דורך הויכע צימערן אין וועלכע די מעבל זענען געשטאַנען אויף דער ערד אָן טעפּי-כער. אינם לעצטן צימער איז געזעסן אַ גרויע פרוי, וואָס האָט זיך געלייגט קאָרטן. ביי איר יעדער באַוועגונג האָבן די בראָנ-

זאָלעטן מיט די קייט אַ לייכטן רויש געטון.

— דאָס איז דיין באָבע!

אַ בלאַס, פאַרביטערט פּנים האָט זיך צו זיי אויסגע־דרייט.

— פּסט! לאָז מיך צורו. אויב די קאָרט וועט יעצט אויך נישט אַרויסקומען, ווייסטו, וואָס פאַר אַ סימן דאָס איז? דאָס איז שוין די ניינטע קאָרט, דעם היינטיקן אָוונט. דיר איז עס אָבער אַלץ איינס, דיר מיט דיין זון, דעם אויסברענגער...

זי האָט זיך ווידער אויסגעדרייט צו די קאָרטן און האָט אויסגעזען ווי זי זאָל אָן אַלעמען פאַרגעסן.

אינם עס־צימער איז געווען געדעקט נאָר פאַר צוויי מענטשן. מעטטע און דער גענעראַל זענען צוזאַמען געזעסן ביים טיש:

— דיין באָבע באַנוגנט זיך אויף אָוונטברויט מיט אַ שטיקל טרוקן ברויט מיט וואַסער.

מעטטע איז געווען אין אַ גרויסן שיינעם צימער מיט אַ הויך פענצטער און שיינע שענק אויף נאָטן. דער גענעראַל האָט אָנגעוויזן אויפן בעט, וואָס איז געווען פאַרהאָנגען מיט אַ בלאַס־זיידענע סחורה און איז געשטאַנען אין אַ ווינקל.

— דאָ האָט דיין טאַטע געוווינט ביז... ביז עס איז אים געוואָרן צו ענג אין דעם הויז, בעסער געזאָגט, ביז יענע פון דאָרטן האָט אים פאַריאָגט. עס וואָלט געווען זייער געוווּנשן, אַז דו זאָלסט דעם צימער פאַרנעמען.

מעטטע האָט גאָרנישט געענטפערט.

ער איז אַרויסגעגאַנגען פונם צימער. דורכן אָפענעם פענסטער האָט זי געהערט דעם רעגן פאַלן. זי האָט זיך אַני־דערגעזעצט אויפן פענצטער און אַרויסגעקוקט. די הייזער אין דרויסן האָבן אויסגעזען, ווי זיי וואָלטן אַרויסגעוואַקסן פונם וואַסער, זי האָט געעפנט דעם קלאַוויר, וואָס איז, ווייזט אויס, יאָרן לאַנג נישט אָנגערירט געוואָרן. דערנאָך האָט זי זיך גע־לייגט אין בעט אַריין. מיטן דער נאַכט האָט זי זיך אויפגע־הערט. דער [illegible] האָט גאָרנישט אויפגעהערט. ערגעץ ווייט

האָט געבילט אַ הונט. פון צייט צו צייט איז זי איבערגע־שראָקן געוואָרן פון אַ מאָדנע געבראָכן קול, וואָס איז, דוכט זיך געקומען פונם צימער אַליין. זי האָט אומרויִק אָנגעצונדן דאָס ליכט און האָט זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער. זי האָט יעצט באַמערקט אַ סך מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, וואָס זענען געהאָנגען אויף די ווענט. זי האָט זיך דערמאָנט, ווי דער פאָטער האָט איר דערציילט, אַז בשעת יעדע וועטער־ענדערונג זיפצן זיי און גיבן אַרויס מאָדנע קלאַנגען. באַרוויסערהייט איז זי צוגעגאַנגען צו זיי און האָט אויפגעשרויפט אַלע סטרונעס.

ביים גרויען טאָג איז זי ווידער געזעסן אין פענצטער און געקוקט אויפן קאַנאַל און אויף די אַקעגנאיבערדיקע גרויע געביידע מיט פאַרהאַקטע פענצטער.

אַ דינסט־מיידל האָט זי גערופן צום פרישטיק. די אַלטע דאַמע איז געזעסן ביים טיש און געבראָקט זיך טרוקן ברויט אין דער טיי. דער גענעראַל האָט געזאָגט פריינדלעך און באַפעלנד צו מעטטען:

— דו וועסט זיך יעצט אָנטון און וועסט מיטגיין מיט מיר. ס'וואָלט געווען אַמבעסטן, כ'זאָל דיך אָנדינגען אין אַ שולע.

מעטטע האָט רויִק געענטפערט:

— איך וויל נישט גיין אין קיין שולע.

— דוווילסט נישט? דו קענסט דאָך אַפילו נישט אָרנט־לעך לייענען און שרייבן. דו מוזט, פאַרשטענדלעך, אין יעדער זאַך מיך פאָלגן.

— איך טו נאָר דאָס, וואָס איך וויל.

דער גענעראַל האָט אויפגעהויבן זיין שטים:

— וואָס קלערסטו דיר, ווּהין וואָלסטו געגאַנגען, ווען איך וויל דיך מער נישט האַלטן.

מעטטע האָט אינגאַנצן אָן שרעק געענטפערט:

— איך וויל דאָ נישט זיין. איך וויל פאָרן צו מיין מאַ־מען.

— צו דייי מאַמען! יאָ, דאָס וואָלט געווען דאָס ריכטיק־

טע. אַ גליק, וואָס דו ווייסט נישט, ווו זי וווינט.
דאָס איז טאַקע אמת, נאָר מעטטע האָט נישט נאָכגעגעבן.
— איך וועל זי שוין געפינען.
דער גענעראַל איז אויפגעשטאַנען און צוגעגאַנגען צו
דער טיר.
ווען ער האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך, האָט די
דאַמע אַ פּאַטש געטון מיט די הענט.
— בראַוואָ, בראַוואָ, דאָס געפעלט מיר! ביסט פון מיין
שניט. איך טו אייביק אויך נאָר דאָס, וואָס איך וויל. הערסט
קענען האַלטן אַ סוד ביי דיר? פּסט! ער האָט מיך גענומען
נאָר צוליב מיין געלט און יעצט איז ער אין כעס, פאַרוואָס
מיין לעבן געהער נישט צו אים. ווען ער וואָלט געקאָנט, וואָלט
ער מיך געסמט, אָבער ער איז דערביי אַזאַ פּחדן, אַזאַ פּחדן,
ווי זיין זון דער יונקער לידערליך, איך ווייס, אַז ער רעדט
אָן די מיידלעך, זיי זאָלן מיר עפּעס אַריינלייגן אינם עסן,
אָבער זיי פאָלגן אים נישט. זיי קענען דאָס אַקעגנאיבערדיקע
געריכטס-הויז און זיי ווילן נישט דאָרט ענדיקן זייערע טעג.
מעטטע האָט אַלץ אויסגעהערט. איר איז געווען אַלץ
איינס, צי דאָס אַלץ איז אמת אָדער נישט. זי האָט כסדר גע-
טראַכט דערוועגן, ווו צו געפינען די מוטער, וואָס האָט באַקו-
מען פאַר מענטשן זייער אַ גרויסן ווערט נאָך איר אַוועקפאָרן
קיין דענמאַרק.
מיטאַמאָל האָט די אַלטע אַ שעפּטשע געטון:
— אפשר האָסטו אַ פּאָר גראָשן פאַר מיר? אַלץ, וואָס
כ'האָב פאַרמאָגט, האָט ער ביי מיר צוגעגנבעט, מיט כלערליי
מיטלען, ווי ער האָט נאָר געקענט. כ'בין דיר מודיע, אַז איך
זאַמל מיר אויף אַ טרומנע. וואָס קלערסטו, ס'איז דען נישט
העסלעך צו קומען אַזוי ווי איך, אין דער נאַקעטער ערד אַריין?
קאַלט און אָרעם, אפשר כאָטש אַ פּאָר גראָשן...
מעטטע האָט איר אַוועקגעגעבן דאָס בייטעלע מיט געלט,
וואָס דער פאָטער האָט איר אויפן וואָקזאַל אונטערגעשטעקט.
די דאַמע האָט עס איר שנעל אַרויסגעריסן פון דער האַנט און

האָט גיריק געציילט די באַנקנאָטן:

— דאָס האָסטו דאָ אין שטוב געאַרבעט? דו זעסט אַפּילו אויס דערויף. יעצט מוז מען זען דאָס אויסצוטוישן אויף גאָלד, דאָס איז דאָס איינציקע וואָס מ׳דאַרפט טון. דאָס קען איך אָבער דיר נישט אָנטרויען. געדענק זאָלסט קיין איין וואָרט אים נישט דערציילן, אַפילו קיין איין וואָרט!

שפּעטער האָט איר דער גענעראַל אַ פרעג געטון:

— עס שטייט אפשר אָן דיין כבוד מיר צו זאָגן, צו וואָס דו וואָלסט זיך געוואָלט נעמען?

מעטטע האָט אַ ווײַלע אַ טראַכט געטון:

— כ׳וואָלט מיט פאַרגעניגן זיך עפּעס געלערנט, נאָר נישט אין שולע.

— אפשר אַ פּריוואַטע לעקציע?

זי איז באַשטאַנען.

די טעג זענען דורך. די עטלעכע בריוו, וואָס זי האָט געקריגן פון פאָטער. האָט זי צוזאַמענגעקנייטשט און גלייכגילטיק אַריינגעוואָרפן אין דער טרומנע אריין. דער געדאַנק וועגן אים האָט איר וויי געטון.

זי האָט לחלוטין נישט געפילט דער מוטערס אָפּוועזנהייט און האָט נישט געבענקט נאָך איר. זי האָט אָבער בשום אופן נישט געקענט פאַרגעסן די מוטערס רייד: „פאַרגעס מיר נישט, כ׳בין דאָך פאָרט דיין מאַמע”.

אין די באַשטימטע שעהן האָט זי געפּלייענט, דערנאָך זיך געאיבט אויפן קלאַוויר, האָט זיך געלערנט רייטן אויף אַ פערד. זי האָט געזען מענטשן, וואָס זענען געווען אירע קרובים. ביי דעם אַלעם איז זי געווען אַזוי עלנט, ווי בשעת זי פלעגט זיך זעצן ביים פענצטער און אַריבערקוקן צו דער פרויען-תפיסה, וואָס אירע מויערן האָבן אַרויסגעקוקט פון די גרינע וואַסערן פון קאַנאַל. טייל לאַנגע אָוונטן האָט זי פאַרבראַכט גלייך מיט דער אַלטער דאַמע ביים אויסלייגן אַ פּאַסאַנס. די, וואָס האָט זיך גערופן איר באָבע האָט ביי יעדן ערשטן אויסגעבעטלט דאָס טאַשנגעלט, וואָס זי האָט געקריגן. זי האָט עס גערן

אוועקגעגעבן. נישט צוליב רחמנות אויף דער משוגענער קאַר־גער, נאָר צוליב אַ טעמפּן כעס אויפן גענעראַל, וואָס האָט איר דאָס געגעבן.

— פאַרגעס מיך נישט, איך בין דאָך פאָרט דיין מוטער...

פון אָנהויב, ווען זי האָט זיך אַרומגעדרייט אין דער שטאָט האָט זי זיך אינסטינקטיוו אומגעקוקט און געזוכט אַרום זיך איר מוטער. אין משך פון אַ לאַנגע צייט איז זי סיסטעמאַטיש דורכ־געגאַנגען גאַנצע טיילן פון דער שטאָט, אָבער זי האָט איר מאַ־מען נישט געפונען. זי האָט זיך געווענדעט צום גענעראַל:

— ווו וווינט מיין מאַמע?

— מיין טייער קינד, איך האַלט, אַז ס׳איז אַ סך גליי־כער, כ׳זאָל דיר דיין מאַמעס אַדרעס נישט געבן, נאָך דעם ווי זי האָט אונז אָפּגעשפּילט אַזאַ נאַרישע סצענע, ווי פאָרן צו אַ מאַן, וואָס וויל פון איר נישט וויסן, מוז מען אין אַלעם זיין פאָרזיכטיק, נאָך דערצו אין אַ צייט, ווען דיינע עלטערן האַלטן זיך ביי גטן. אַגב האָט דיין מוטער די מעגלעכקייט דיך שפּע־טער נעמען צו זיך, אַזוי, אַז דו וועסט נישט שטענדיק דאַרפן בענקען צו איר.

יאָ, דאָס איז אמת. אין מעטטעס געדאַנק איז ווידער בלאַסער געוואָרן דער מוטערס בילד, שוין צום צווייטן מאָל.

זי האָט זיך מיט קיינעם נישט באַגעגנט, נישט געפרייט זיך פון קיין שום פאַרווײַלונג און נישט צופרידן געווען מיט קיין שום אַרבעט. צוליב דער אומטרייהייט פון פאָטער, איז איר טרויער נאָך דורך קיין שום וואָרט און קיין איין טרער נישט געלינדערט געוואָרן. שפּעטער איז דער טרויער אַוועק און גע־לאָזן אויף זיין אָרט אַ מאָדנע פוסטקייט, וואָס האָט גורם גע־ווען, דאָס לעבן זאָל אין אירע אויגן פאַרלירן יעדן ווערט. אַ דאַנק איר אומגליק איז אין איר אַנטשטאַנען אַ פּלוצלינגדיקער באַשלוס אַוועקצולויפן פון דאַנען, אַנטרינען צו ווערן. אָבער וווהין? תיכּף ווי זי פלעגט רעזיגנירן פון אָט דעם אויסוועג, האָט זי זיך ווידער דערפילט ווי אין אַ אומדורכזיכטיקן נעפּל. טאָף אין זיך האָט זי דערפילט דעם געוואַלדיקן ווילן פון איר

אייגענעם בלוט. זי האָט עס געהערט, ווי אַ ווייטן שאָרך פון אַן אונטערערדישן טייך. זי האָט געפילט אַ דראַנג צום לעבן, דעם דראַנג צו פרייד.

אַ דאַנק איר שוויגעוודיקייט האָט זי געוווּנען ביי דער אַלטער דאַמע גרויס צוטרוי. זי האָט איר אָנגעטרויט צו גיין אין באַנק און טוישן געלט. מעטטע האָט געוווּסט, אַז די באָבע האָט אַרויסגעגנבעט דאָס געלט פונם גענעראַלס קעסטעלע, בעת ער איז געשלאָפן, אָדער פון זיינע באַהעלטעניש, בשעת ער איז אַוועקגעגאַנגען. זי האָט געוווּסט, ווו דער שווערער בייטל מיט גאָלדשטיקלעך איז געווען באַהאַלטן, בשעת זיין אייגנ-טימערין האָט זיך כסדר געלייגט קאָרטן, כדי צו וויסן, צי דער גורל האָט איר נישט באַשטימט קיין טויט צוליב הונגער.

טייל מאָל זענען געוואָרן אויסגעשפּרייט די גרויסע אמתע טעפּיכער, וואָס זענען אַממייסטן געלעגן איינגעוויקלט אין גרוי-סע ראָלן אויפן בוידעם. מ׳האָט אַראָפּגענומען די טיכער פון די קריסטאַלענע זשיראַנדאָלן, די ליווונטענע איבערציג פון די זיידענע מעבל און דאָס גאַנצע הויז האָט אויסגעזען יום-טובדיק.

מ׳האָט איינגעלאַדן געסט, באַשטעלט אַ ספּעציעלע קעכין אין אַ לוין-באַדינער, און ווען דער אָוונט האָט זיך אָנגעהויבן איז דער גענעראַל געווען אַזוי אויסגעפּוצט, ווי זיינע צימערן, מעטטען דאַכט זיך אויס, אַז געווי אַזוי האָט זי אים געזען, בשעת זיין קורצער וויזיט ביים זון. די אַלטע דאַמע האָט זיך פאַרשלאָסן און אין דער איינזאַמקייט באַקלאָגט דאָס געלט, וואָס ווערט אַרויסגעוואָרפן אין דער צייט, ווען זי קען זיך נישט פאַרגינען קיין טרוקן שטיקל ברויט צו דער זעט. אויפן צווייטן טאָג האָט מען ווידער צוזאַמענגעוויקלט די טעפּיכער, אַרויפ-געטראָגן אויפן בוידעם און דער גענעראַל האָט ווידער אויס-געזען ווי שטענדיק. מעטטע איז געווען נאָכמער ווי גלייכגילטיק דערביי, צי עס איז אַ יום-טוב אָדער נישט.

זי איז שוין אַלט געווען דאָס זיבנצענטע יאָר. אין איי-

נעם אַ טאָג האָט זי געקריגן אַ קורצן בריוו, געשריבן מיט אַ בלייפעדער:

„איך בין קראַנק און עס איז פאַראַן עפּעס אַזוינס, וואָס איך מוז דיר זאָגן, אויב נישט, וועל איך נישט געפינען קיין מנוחה אין קבר.

דיין מוטער".

מיטן אָפענעם בריוו אין דער האַנט איז מעטטע צוגע־גאַנגען צום גענעראַל, זי האָט אים געוויזן דעם בריוו און געזאָגט:

— צי קען איך זיך יעצט דערוויסן דעם אַדרעס?

דער גענעראַל האָט אַ הויב געטון מיט די אַקסלען.

— דיין מוטער דראָט שוין די לעצטע צען יאָר, אַז זי וועט שטאַרבן. דאָך וועסטו דאָסמאָל באַקומען דעם אַדרעס.

און ער האָט געשיקט נאָך דער קאַרעטע.

„פאַרגעס מיך נישט, איך בין דאָך פאָרט דיין מאַמע"...

זי איז צוגעקומען צו אַן אָפּגעבליאַקעוועטע הויכע חורבה און אַרום שטיבל ווייט אינם געגנט נערעבראַ.

— ווי הויך דו ביסט שוין, מעטטע, הויך און שיין! אַ דאַנק דיר, פאַרוואָס דו ביסט געקומען!...

מעטטע האָט זיך געוואָלט פאַרענטפערן פאַר דער מוטער, הלמאי זי איז פריער נישט געקומען, נאָר דאָס אויסזען פון דער אָפּשטאַרבנדיקער מוטער האָט דערשטיקט איר קול. דער מוטערס רייד האָבן איבערגעריסן די מוראדיקע הוסט-אַטאַקן.

— נאָך איין זאַך מוז איך דיך בעטן, איידער איך שטאַרב אָפּ. אפשר איז עס נישט ריכטיק פון מיין זייט, נאָר איך קען עס אָבער אַזוי נישט לאָזן... עס זענען פאַראַן צווייערליי מענטשן, נאָר צווייערליי, טרייע און אומטרייע. קיין אַנדערע זענען נישט פאַראַן. די קללה פון דיין פאָטער באַשטייט דערין, אַז ער ווייסט נישט, וואָס אַזוינס איז טרייהייט. מיין קללה איז דאָס, וואָס ז'בין געבוירן געוואָרן אַ טרייע. דאָס ברענגט נאָר אומגליק, און מען איז עס טאַקע... אויב דו ביסט געראָטן אין מיר, וועט דיין גורל זיין אַזאַ שווערער ווי מיינער. ביסטו אַזאַ ווי ער,

וועסטו אַלץ באַזיגן, ווזהין דו וועסט נאָר קומען... זאָג מיר צו, זאָג עס מיר צו, אַז דו וועסט זיך קיינמאָל נישט פאַרבינדן מיט קיין מאַן. צי קענסט מיר צוזאָגן און האַלטן וואָרט?

מעטטע האָט געענטפערט נישט קוקנדיק דער מוטער אין פּנים אַריין:

— איך זאָג דיר צו... קיינמאָל נישט חתונה צו האָבן...

מיטאַמאָל האָט אין איר אויפגעלעבט אַ מורא׳דיקער געדאַנק:

— דער פאָטער האָט פאַרגעסן,... דיר צו צושיקן געלט?

די מוטער האָט געציטערט, ווי פון קעלט:

— פאַרוואָס פרעגסט דו? יעצט... ווען איך שטאַרב שוין אָפּ!.... זיי האָבן געוואָלט, אַז איך זאָל אונטערשרייבן!... דער גענעראַל און דיין פאָטער... אַזוי אַרום האָבן זיי מיך געוואָלט צווינגען...

מעטטע האָט פאַרקוועטשט די פויסטן:

— יאָ, ס׳איז טאַקע פאַראַן איינע... עס זענען שוין געווען אַסך אַזעלכע... אָבער יעצט איז פאַראַן איינע מיט וועלכער ער וויל חתונה האָבן... ער איז אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע... מיט איר און מיט די ייִנגלעך. אָבער איך האָב נישט אונטערגעשריבן. דער גענעראַל איז דאָ אָפּט געוועזן... זייער אָפּט... ער איז שטאַרק, דיין זיידע. אָבער איך גיב מיך נישט אונטער.

מעטטע האָט געפרעגט מיט קיל געוואָרענע ליפּן:

— האָסט אַמאָל אויך געהונגערט, מאַמע?

די שטאַרבנדיקע פרוי האָט געשמייכלט:

געהונגערט... עס איז גאָרנישט אַזוי שלעכט צו הונגערן... כ׳האָב טאַקע געהונגערט, אָבער כ׳האָב געזיגט. קיינער וועט מיר דאָס נישט אָפּלייקענען. איך שטאַרב, אַלעס זיין געזעצלעכע פרוי.

מעטטע האָט אַשטופּ געטון איר געבייַלטע פויסט אין דער שויב, ווי זי וואָלט געוואָלט צעהאַקן דאָס פּנים עמעצן, וואָס איז געווען הינטערן פענצטער. די מוטער האָט אַ געשריי געטון אָבער מעטטע איז געווען זייער רויק. מיט אַ טאַשנטיכל האָט

זי אָרומגעוויקלט די צעבלוטיקטע האַנט און האָט האַרציק אַ פרעג געטון:

— ווי פילסטו זיך, ווערסט נאָך האָבן כוחות עטוואָס צו-צוווארטן?

די מוטער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ:

— לאָז מיך דאָ יעצט איבער אַליין. איך האָב שוין דיין וואָרט באַקומען. פאַר די יינגלעך זאָרג איך נישט. דער גענע-ראַל וועט זיי צונעמען צו זיך, זיי זאָלן ווייטער טראָגן זיין נאָמען.

— דעם נאָמען!

מעטטעס קול איז געווען פול מיט שפּאָט און צאָרן.

— איך בין יעצט אַזוי מיד. ס'איז בעסער, אַז דו גייסט אַוועק. אָבער גיב מיר פריער אַ קוש. זייט דו ביסט געווען אַ קליין מיידעלע, האָסטו מיך שוין נישט געקושט.

מעטטע האָט געקושט די הענט פון איר מוטער, אירע ליפּן זענען געווען קאַלט, ווי אייז.

קורץ דערנאָך איז זי געשטאַנען פאַרן גענעראַל. זי האָט נישט געבעטן, נאָר געפאָדערט:

— גיב מיר געלט! אַסך געלט! תיכף! שנעל!

— און ווען כ'וועל דיר זאָגן ניין?

אירע אויגן האָבן געפלאַמט:

— וועל איך עס מיר אַליין נעמען!

כ'וואָלט עס טאַקע געוואָלט זען!

מעטטע האָט מער נישט אויסגערעדט קיין איין וואָרט.

זי איז אַוועק צו דער באָבען. דאָס בלוט האָט דורכגע-טריפט דורכן טאַשנטיכל:

— גיב מיר געלט! ער וויל נישט. און די מאַמע שטאַרבט אָפּ... זי הונגערט זי שטאַרבט אָפּ...

ס'איז געשען אַן אונערוואַרטעטע זאַך. מיט אַ אידיאָטיש-נאַרישן שמייכל האָט די אַלטע דאַמע אויסגעדרייט דאָס קליידל אָן אַ זייט און אַרויסגענומען דעם לעדערנעם בייטל וואָס איז געהאָנגען אויף איר אויף אַ רימען

— נאַ, נעם וויפיל דו ווילסט! ער וויל דיר טאַקע גאָר נישט געבן. ער גיט נאָר אַוועק זיין זון, דעם פאַרשווענדער! נאָר מיר ביידע וועלן שוין אַמבעסטן אַליין קענען פון אים אַרויס־קריגן, מיר ביידע..

ווען מעטטע איז אָנגעקומען קיין נערעבראָ, האָט שוין די מוטער געגוססט. אין אַ שעה אַרום איז זי שוין געווען טויט.

און דערזועלבער נאַכט איז מעטטע טראַפ אָפּגעפאָרן נאָך האַמבורג. דאָרט האָט זי גענומען אַ בילעט קיין אַמעריקע. זי האָט פריער אָפּגעשיקט דער גענעראַלשע דעם לעדערנעם בייטל מיט דער רעשט פון געלט און דערצו צוגעשריבן אויף אַ קוויטל: איך גיי אַוועק פון אייך און וועל שוין קיינמאָל נישט צוריקקומען.



ווען מעטטע טראַפּ האָט זיך דערפילט אין פערטן חודש פון שוואַנגערשאַפט איז זי געווען אין נעוו-יאָרק, אָן קיין שום מיטלען צום לעבן. זי האָט אָנגעהויבן אַרבעטן אַלס אַ דינסט אויף אַ פּאַסאַזשיר-שיף, וואָס איז געפאָרן אַהיים נאָך אייראָפּע.

די זעלבע בלוצלינגדיקע ליבע צום קינד, וואָס דאַרף קו-מען, און וואָס האָט איר אַוועקגעטריבן פון זיין פאָטער, האָט זי געיאָגט אַהיים, פון וואַנען זי האָט געשטאַמט. זי האָט דאָרט נישט געהאַט קיינעם, ביי וועמען זי זאָל זיך קענען אָנוואַרעמען. זי האָט נאָר געקאָנט די ערד, צו וועלכער זי האָט געבענקט. זי האָט נישט געהאַט קיין שום פלענער און קיין שום צרות דערביי. זיס און שטיל האָט זי געפילט דאָס קליינע נפשל וואָס איז זיך געלעגן אין דער אומזעבאַרער וויג אין איר.

בשעת איר שווערער אַרבעט אין די קאַיוטן, האָט זי זיך באַקאָנט מיט עספען סאָלבערג, אַן אַלטן, אָנגעזעענעם סוחר, וואָס האָט נאָך זיין פאָטער געירשנט טייל מאָדנע נוקן.

ער איז געפאָרן פון פילאַדעלפיע, ווי זיין איינציקער זון טאָמאַס, לויטן פאַרלאַנג פונם פאָטער, איז אַריינגעטרעטן אין אַ האַנדלס אַקאַדעמיע. ער וואָלט ליבערשט געשטודירט, אָבער דעם פאָטערס ווילן איז געווען שטאַרקער. ער האָט געוואָלט אַז דאָס געשעפט, וואָס ער האָט, אין משך פון אַ גאַנץ לעבן אַרבעט, צו-

געפירט צו דער דאָזיקער מדרגה, זאָל קיין פרעמדע מענטשן נישט איבערנעמען, נאָר עס זאָל בלייבן ביי זיין אייגן בלוט און פלייש.

דאָס אָפּשיידן זיך פונם זון האָט אים פאַרשאַפט אַסך מער יסורים ווי ער האָט זיך דאָס פאָרגעשטעלט. ער האָט זיך דערפילט אַלט און איינזאַם. אַ מאָדנע אומרויִקייט, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל נישט איבערגעלעבט ביז יעצט, האָט אים אַרומגענומען אויפן גאַנצן וועג אַ היים. די פיינע, פריינדלעכע, שטראַלנדע דינסט, האָט אויסגעזען צו זיין אַן איבערגעטוענע פרינצעסין, וואָס האָט גענומען אויף זיך אָט די שווערע אַרבעט צוליב אַ געוויסער פאַרשידנאַרטקייט אָדער פאַרוויילונג, איז מאָדנע אים געפעלן. ער האָט זי אָבסערווירט פון דערווייטנס און פון דער נאָנט. צום סוף האָט ער אָנגעהויבן רעדן מיט איר און געווונען איר צוטרוי. ווען די שיף איז אָנגעקומען צו דעם דענישן פּאָרט, איז אים שווער געווען זיך צו שיידן מיט דער אויפריכטיקער צוריקגעהאַלטענער פרוי, וואָס איז געווען אויסגעשטעלט אויף כלערליי צופאַלן. ער האָט זיך געהיטן איר עפּעס צו זאָגן אָבער צו טון עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל איר נאָר אָנדייטן אויפן געדאַנק, אַז ער וואָלט געוואָלט עפּעס טון פאַר איר ווייטערדיקן גורל. ער האָט זיך געטראַכט: דאָס איז אַ הערלעכער מענטשנמאַטעריאַל, נאָר לייכטזיניק איז זי ווי דער טייוול, איידער מען קוקט זיך אום, ווערט זי פאַרפאַלן.

ער האָט זיך באַנוגנט דערמיט, וואָס ער האָט איר ביים אויסשטייגן געזאָגט:

— נו, איר ווייסט דאָך מסתמא, אַז עספּען סאָלבערגן קען מען שטענדיק געפינען, אויב מען דאַרף נאָר אַ וועלכע ס'איז הילף פון אים.

מעטטע טראַפּ האָט מיט אַ שטאָלצער זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט גענומען דאָס ביר-געלט, וואָס מ'האָט איר געגעבן. אין אַ פּאַפּירן שאַכטל האָט זי פאַרפּאַקט אירע קליינע זאַכן און איז דערמיט אַרויס אויף דער יבשה. זי איז דורכגעגאַנגען פאַרשידענע גאַסן, ווי עס געשעט אין פרעמדע שטעט פון אַ נייער

וועלט. דאָ איז אַמאָל געווען איר היים, דאָ איז איר אַמאָל גוט געווען

פאַרנאַכט האָט זי געפונען דאָס, וואָס זי האָט געזוכט. אַ קליינע פּאַציאַטע, דורך וועלכע מ'האָט געזען רויטע דעכער, גרינע קאַנאַלן, הייף און פרייע פעלדער.

זי האָט אויפגעעפנט דאָס פענצטער, אַרויסגעשטעקט די האַנד צו דער זון און איז ברומענדיק אַרומגעגאַנגען איבערן קליינעם צימער, וואָס האָט געהאַט אַ שיפן סופיט.

ווען זי איז שוין געוואָרן מיד, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אינם פענצטער און געשפּילט מיט אַ ביינדל אַזוי לאַנג, ביז דער גערוך פון פיש מיט פאַרבּרענט פעץ האָט זי פון דאָרט אַוועקגעטריבן. ווען זי האָט אָבער געוואָלט פאַרמאַכן דאָס פענצטער, האָט איר עפּעס אַ שלאָג געטון אין די אויגן. ניין, זי האָט נישט געהאַט קיין טעות. אַקעגנאיבער איז געווען די פרויען־תפיסה פון כריסטיאַנס האַפן.

די ערינערונג אָן די פוסטע פאַרלוירענע טעג און דער היים פון דער באָבע־זיידע, איז דורכגעגאַנגען דורך איר געדאַנק, ווי אַ מאָרגננעפּעל דורך דער באַרג־לופט.

זי האָט געלאַכט און אויסגעשטעקט די אָרעמס אין דער הויך. זי איז פריי! איר אייגענער בעל־הבית!

אין צוויי וואָכן אַרום איז זי געבליבן אָן איין גראָשן. פאַרן לעצטן געלט האָט זי געקויפט אַ וויגל און זיך געאיבט, צו וויגן וואָס שטילער.

זי איז געגאַנגען גלייך צו עספּען סאָעלבערג. דאָס שווערע הויז אָן שילדן פון אינעווייניק אויסגעלייגט מיט טעפּיכער אונטער די שפּיגלען, איז איר זייער געפעלן. נישט פאַרהאַלטנדיק זיך איז זי גלייך אַריין אינם פּריוואַט קאַנטאָר.

דער שעף איז געווען אנגענעם איבעראַשט:

— ווער זאָל זיך דאָס פאָרשטעלן! אין איינעם אַ שיינעם טאָג זאָלן מיר דאָ זעען די קליינע פריילן פון דער שיף. יעצט איז אָבער אַ פראַגע: וואָס זאָלן מיר מיט איר מאַכן? אפשר קען איך וויסן, מיט וואָס איר האָט זיך ביז יעצט באַשעפטיקט?

מעטטע האָט ציילנדיק אויף די פינגער, געשמייכלט און געזאָגט:

— פּאַפּירענע זעק, געקלעבט, ביי גייסטיק קראַנקע געוואַכט, מיט הונט שפּאַצירן געגאַנגען, נאָטענקאָרעקטור געלײנט... צוקערלעך געפּאַקט, שטרויספּעדערן גערייניקט, אַ דינסטמיידל געווען...

— און ווי האַלט עס מיט צוויי מאָל צוויי. ניין, דאָס דאַרף איך מסתּמא נישט פרעגן. אָבער אפשר וואָלט זיך נאָך געפונען געדולד צו באַזוכן אַ האַנדלסשול?

ער האָט יעדעס וואָרט פאַרשריבן, וואָס זי האָט געזאָגט.

— נאָך איין פראַגע וואָס שייך דעם קינד. ריכטן מיר זיך אויפן קליינעם נפש'ל?

— און פיר און האַלבן חודש אַרום.

דער ענטפער איז אויך געוואָרן פאַרשריבן.

— צי האָט איר שוין צוגעגרייט די אויסשטייער, מיט אַלע העמדעלעך און וויקעלעך?

מעטטע האָט אַראָפּגעלאָזט די אויגן.

— הייסט עס, אַז נישט... אַהאַ וועט מען מוזן טון וועגן אָט די אַלע שיינע קליינעקייטן.

ביים געזעגנען זיך האָט ער אַריינגערוקט אַ קאָפּערט אין דער האַנד אַריין.

— איר טאָרט זיך יעצט נישט מאַטערן מיט הונגער. ביטע צו געדענקען, אַז דאָס געלט וועט אייך ווערן אָפּגערעכנט פון דעם צוקונפטיקן געהאַלט.

אַזוי אַרום איז מעטטע געוואָרן אַן אַרבעטערין אין אַ גרויסע פאַבריק פון מעבל און טעפּיכער, צומאָרגנס איז זי שוין געזעסן אינם קאַבינעט פון שעף און האָט אַדרעסירט קאָנווערטן. און אַ וואָך אַרום האָט זי שוין אָנגעהויבן זיך לערנען אין דער שולע.

אין איינעם אַ זונטיק אינדערפרי איז מעטטע געזעסן אויפן פענצטער און זיך צוגעהערט צום קלינגען פון די קירכן-גלאָקן. מיטאַמאָל האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט. עספּען סאָעלבערג

האָט זיך באַוויזן אין דער טיר, סאָפּענדיק שווער.

— נו, נו, ווי פֿיין איר האָט זיך דאָס איינגעאָרדנט!

ער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פֿענצטער.

— דער הויכער גרויער קאַסטן הויבט מיר נישט צו גע־פֿעלן — האָט ער אַ זאָג געטון, אָנווייזנדיק אויף דעם תּפֿיסה־מויער.

— אפֿשר וועלן מיר עס צעשטערן? — האָט זיך גע־וויצלט מעטטע.

ביים געזעגנען זיך האָט ער איר געזאָגט:

— איך בעט אייך צו געדענקען אונזער אָפּמאַך: פֿון היינט אָן זייט איר יעדן יום־טובֿ איינגעלאַדן צו מיר אויף מיטאָג.

פֿון יענעם טאָג אָן האָט ער איר פֿאַרטרעטן דעם פֿאָטערס און מוטערס אָרט.

ער האָט איר געהאָלפֿן אויסקלויבן לייוונטער און פֿראַנעלן, ער האָט איר געבראַכט מוסטערן, לויט וועלכע זי האָט צוגע־שניטן די העמדעלעך, ער האָט איר געקויפֿט אַ ניי־מאַשין אַ ספּעציעל ביכל איבער דער היגיענע פֿון זויגלינגען און קודם כּל איר געדינט מיט פּראַקטישע עצות.

ער האָט איר אָנגעזאָגט אַז אין די לעצטע צוויי חדשים זאָל זי זיך האַלטן רויק, לאַנג גיין שפּאַצירן און כּסדר טראַכטן וועגן קינד.

זי האָט טאַקע וועגן קיין שום זאַך נישט געקלערט.

אין איינעם אַ זונטיקן פֿרימאָרגן איז דאָס קינד געפֿאַלן אויף דער וועלט. עספּען סאָלבערג איז געווען דער טויף־פֿאָטער און מעטטע האָט דעם נפֿשל געגעבן אַ נאָמען אילזעביל. אויף דער זויג־צייט איז זי געוואָרן באַפֿרייט פֿון דער ביוראָ־אַרבעט נאָר אין דער האַנדלס־שולע האָט זי נישט אויפֿגעהערט צו גיין. זיצנדיק ביים קינדס וויגל האָט זי פֿלייסיק געלערנט גראָבע ביכער וועגן געביט פֿון טעפּיך־פֿאַבריקאַציע. זי האָט נישט גע־קאַרגט קיין מי און אַרבעט, כּדי צו באַקענען זיך מיט כּלערליי האַנדלס־טראַנזאַקציעס, און צו ערראָבערן די נויטיקע ידיעות פֿאַר יעדן ענערגישן סוחר.

מ'האָט דאָס קינד פרי אָפּגעוווינט פון דער ברוסט. דאָס האָט זיך איינגעגעבן אַ דאַנק דעם גליקלעכן צופאַל, וואָס אין שכינות האָט געוווינט אַן עלטערע, פיינע פרוי וועלכער מ'האָט געקענט אָנטרויען דאָס קינד. מעטטע האָט זיך מיטן גאַנצן ברען אַ נעם געטון צו דער אַרבעט, כאָטש דער גאַנצער פּערסאָנאַל האָט זי זייער ליב געהאַט, האָט זי פונדעסטוועגן אויסגעמיטן יעדער נאָענטע באַציאונג מיט אים. די ביורא-קאָלעגן זענען געווען פאַר איר אַ טייל פונם אינווענטאַר. אויסער טעפּיכער האָט איר קיין זאַך נישט אינטערעסירט.

זי האָט געענוי באַטראַכט דעם צוזאַמענשטעל פון פאַרשי־דענע סחורות, באַנוצנדיק דערביי אַ פאַרגרעסער גלאָז, זי האָט שטודירט אַלע אופנים פון פאַרבן די סחורות, האָט אויסגע־קלערט נייע מיטלען און אין אַ קורצע צייט אַרום אַזוי זיך אויסגעאַרבעט, אַז איר מיינונג וועגן אָט די זאַכן, האָט אָנגע־הויבן אימפּאָנירן אַפילו דעם שעף אַליין. אין איינעם אַ טאָג האָט עספּען סאָעלבערג פאָרגעלייגט מעטטען אַ רייזע מיט אים קיין לאָנדאָן, כדי דאָרט איינצוקויפן טעפּיכער. מעטטע האָט זיך דערפרייט דערמיט, ווי אַ קליין קינד, וואָס איז שטאָלץ פון דער גוטער צייגניש, וואָס עס האָט באַקומען. דער שעף האָט זיך אין איר נישט אָנטוישט. פאַרקערט, ער האָט נישט איין־מאָל באַוווּנדערט איר גרונדלעך וויסן און פלינקע אָריענ־טאַציע.

די כסדרדיקע געזעלשאַפט פון דער יונגער פרוי, וואָס איז פול מיט לעבן איז געווען פאַר סאָעלבערגן אַ גרויסע פרייד, וואָס האָט אים זיס געמאַכט זיין עלטער. נישט ווילנדיק האָבן זיך די באַציונגען צווישן זיי אַזוי צונויפגעלייגט, אַז ער האָט זיך באמיט איר אין אַלעם צוליב צו טון. זיין עלטער און אַ חוץ דעם, זיין באַוווּסטע עקסצענטרישקייט האָבן געשטעלט אַ צוים פאַר יעדער פּליאָטקע. דער ביורא פּערסאָנאַל האָט נישט געהאַט קיין שום צווייידייטיקע מיינונגען וועגן די באַציאונגען צווישן שעף און מעטטען, וועלכע זיי האָבן שטאַרק געאייפּערט. קיינער האָט איר נישט געקענט נענטער, מ'האָט געמיינט, אַז

זי איז אַ יונגע אַלמנה, דעם שעפס אַ קרובה, מיט וועלכער ער איז פאַרפליכטעט זיך צו אינטערעסירן. אין אַ קורצע צייט אַרום האָט מען זיך איבערצייגט, אַז זי קען אַרבעטן וויפל צוויי מענער און קיינער קען מיט איר נישט קאָנקורירן. זי איז געווען זייער העפלעך און אויפריכטיק בנוגע אירע מיטאַרבעטער און צוליב דעם האָט זי אינגאַנצן נישט געהאַט קיין שונאים. זי אַליין האָט זיך געפילט אינגאַנצן גליקלעך און ס'האָט זיך איר גאָרנישט געוואָלט גלויבן, אַז יעצט נישט לאַנג האָט זי זיך אַרומגעוואַלגערט הילפלאָז אַליין אויף דער וועלט. דורך דער ליבע צום קינד האָט זי זיך אויסגעלערנט ליב האָבן דאָס לעבן און די מענטשן.

זי האָט געמאַכט אָפטע אויספלוגן צופוס איבער נאָרוועגן אָדער אויף ווינטער ספּאָרטן נאָך ענגאַנדין. ביי דער בעסטער פאַרוויילונג האָט זי אָבער נישט פאַרגעסן וועגן דער פאַבריק. בשעת די אויספלוגן אין די בערג האָט זי באַטראַכט אַלץ נייע פּלענער, וואָס וועלן זיין נוצלעך דער פירמע. אין אַ קורצע צייט אַרום האָט מען איר איבערגעגעבן דעם איינקויף פון סחורות אויפן וויטן מזרח, דירעקט פון די אַ־קומענדיקע קאַראַוואַנען. די קליינע אילזעביל איז נאָכן מאָזלען כסדר שלאַף געווען. די מוטער האָט געהאָרכט דעם שעפס עצה און האָט אַוועקגעפירט דאָס קינד אויף אַ קוראַצ־ע צו סאָעלבערגס קרובים דאָס זענען געווען פּשוטע און פיינע מענטשן, וועלכע האָבן זיך זייער שטאַרק פאַראינטערעסירט מיטן געזונט פונם קינד.

צוריקוועגס, צווישן קילאָן און דענעמאַרק האָט מעטטע זיך באַקענט מיט אַ געוויסן יונגערמאַן, וואָס האָט זיך מיט איר שטאַרק פאַראינטערעסירט. זי איז באַהערשט געוואָרן פונם געפיל און זיי האָבן געמאַכט אַ וואונדערבאַרע נסיעה איבער די פינלענדישע ברעגעס. נאָר איין סאָעלבערג האָט געוווסט וועגן דעם אַלעמען. ער האָט געדאַרפט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען כּדי צו דערשטיקן אין זיך די ליבע, וואָס איז יעצט פאַר אים געוואָרן קלאָר.

אין הערבסט, דעמזעלבן יאָר. האָט מעטטע געשפּאַצירט

מיט סאָעלבערגן איבער די אַלעען פון דער פאַרשטאָט. מיט־
אַמאָל האָט זי זיך אָפּגעשטעלט פאַרן גאָרטן אויסגעזעצט פול
מיט בעריאָזעס און באַוואונדערט די ווילע, וואָס איז געשטאַ־
נען אַ ווייסע צווישן די שלאַנקע ביימער.

דעמזעלבן אָוונט, אַ שטראַלנדיקע פון פרייד האָט זי אים
אויסגעזאָגט וועגן איר ניי גליק: זי האָט זיך ווידער דערפילט
אַ מאַמע.

עספּען סאָעלבערג האָט באַמערקט אויף דער ווילע אַן
אויפשריפט: צום פאַרקויפן. ער האָט זיך דעצידירט אויף אַ
שריט, וועלכן ער וואָלט קיינמאָל פריער נישט געמאַכט, מורא
האָבנדיק איר פּשוט צו באַליידיקן. אין אַ וואָך אַרום איז די
ווילע שוין געווען זיין, ער האָט אַליין נישט געוווּסט פאַר־
וואָס ער האָט געהייסן אין דער כיפּאָטעק זי פאַרשרייבן אויף
דעם נאָמען פון די יורשים פון מעטטע טראַפּ. זי האָט צוגע־
נומען די גרויסע מתּנה פּשוט און אָפנהאַרציק, נישט פאַר־
ריטלענדיק זיך אפילו. ער האָט דאָך איר פאַרטרעטן אַ פאָ־
טער און דערביי איז ער געווען דער איינציקער פריינט וועלכן
זי האָט ווען עס איז געהאַט אין לעבן.

— אָבער וועגן דער איינאָרדנונג מוזט איר שוין אַליין
אַ טראַכט געבן — האָט ער איר געזאָגט געגנוג שאַרף. בשעת
מעשה האָט ער אויסגעשפּרייט פאַר איר אויף דער ערד די
שענסטע טעפּיכער. כדי די קינדער זאָלן זיך נישט צעקלאַפּן
אויב זיי וועלן אַמאָל אומפאַלן.

די פּרעכטיקע ווילע האָט געפאָדערט אויך פיינע מעבל,
וואָס האָבן געדאַרפן קאָסטן אַ סך געלט. עספּען סאָעלבערג
האָט צופעליק נישט געהערט צו די מענטשן, וואָס זאָלן קענען
איינהאַלטן מעטטען אין אירע אויסגאַבן. איר געהאַלט איז גע־
ווען פאַרהעלטניסמעסיק אַ גאַנץ גרויסע נאָר דאָך איז עס גע־
ווען צו קליין כּדי צו דעקן די קאָלאָסאַלע אויסגאַבן פון איינ־
אָרדנען די ווילע. אַזוי ווי עספּען סאָעלבערג האָט נישט גע־
וואָלט שענקען מעטטען די סומע, וואָס זי האָט באַדאַרפט, האָט
ער געפונען אַן אַנדערן אויסוועג. הגם אַ זייער ריזיקאַלישן.

זון לאַנגע צייטן האָט זי שוין געטרוימט וועגן אַ רייזע נאָך מאָנטע־קאַרלאָ, וואָס זי האָט נאָך געדענקט פון אירע קינדער־יאָרן. ער האָט דערפילט איר פאַרלאַנג, אַוועקגעפאָרן מיט איר אויף דרום און זי צוגערעדט, צום שפּילן. ווען ער האָט אָבער באַמערקט, אַז נישט קוקנדיק דערויף, וואָס זי האָט שוין גע־ווּנען אַ גאַנץ גרויסע סומע, איז זי אַריין אין אַ שטאַרקע ליידנשאַפט און האַזאַרד — האָט ער צוגעיאָגט צום פאָרן אַהיים. מעטטע איז נישט געווען בכוח מיטאַמאָל אַהיימצופאָרן. נאָך די שטאַרקע איבערלעבונגען ביים שפּילן, האָט זי געמוזט בלייבן עטלעכע טעג אין בעט.

אַ טייל פונם געלט האָט זי אויסגעגעבן אויף דער איינ־אָרדנונג און פאַר דעם איבריקן האָט זי איינגעקויפט ווערטפּו־לע פּאַפּירן.

דער פּראַקטיקער יוטלענדער, וועלכער האָט אַליין קיינ־מאָל נישט ספּעקולירט, האָט דערפילט שטאַרקע געוויסנסביסן הלמאי ער האָט, אַ דאַנק זיין נישט אויפּריכטיקייט, דערוועקט אין דער יונגער מעטטען אַ ליידנשאַפט צו האַזאַרד־שפּילן, אין טיפן האַרצן האָט ער זיך צוגעשווירן צו זיין איר אַפּוטרופּס און אויף וויפל די כוחות און מעגלעכקייט וועלן אים דערלויבן זאָל ער אויך אַכטונג טון אויף אירע מעשים.

דאָס צווייטע קינד איז געבוירן געוואָרן געוואָרן האָט שוין מעטטע געוווינט אין דער וויללע אין פרידריכסבערג. עס איז אויסגעפאַלן אין דערזעלבער צייט, ווען עספּען סאָלבערגס זון איז געקומען צום פאָטער. דער אַלטער האָט זייער שטאַרק געוואָלט, אַז דיביידע יונגע קינדער זאָלן זיך באַקענען, ווייל ער האָט בדעה געהאַט צו טוישן זיין צוואה, ווו ער וועט פאַר־זאָרגן מעטטען גלייך מיט זיין זון. ליידער האָט ער דאָסמאָל געמוזט רעזיגנירן דערפון. ער איז אָבער צופיל געווען אי־בערגענומען מיט מעטטען, כדי נישט צו דערמאָנען איר נאָמען פאַרן זון. ער איז דאָך געווען פּראַקטיק ביים לויבן איר, ער האָט נאָר כסדר גערעדט פון איר ענערגיע נישט דערמאָנענדיק

מיט קיין איין וואָרט אַפילו וועגן זייערע פּערזענלעכע באַ-
ציִונגען.

איינמאָל האָט דער זון אַ פרעג געטון:

— פאַרוואָס האָסטו מיר קיינמאָל נישט דערמאָנט וועגן דער פרוי טראַפּס מאַן? צי איז ער גאָרנישט פאַראַן?

דער פאָטער האָט געשוויגן נישט דעצידירנדיק זיך אויף קיין שום ענטפער.

טאָמאַס סאָעלבערג האָט זיך דאָס אויסגעטייטשט אויף אַן אַנדערן אופן.

— הייסט עס, אַז זי איז אַן אַלמנה? אויב אַזוי איז עס גאָר עפּעס אַנדערש. איך האָב טאַקע נישט געקענט פאַרשטיין ווי אַזוי אַ דערוואַקסענער און אמתער מאַן קען גאָר דערלויבן אַז זיין פרוי זאָל זיך זוכן אַ וועלכע ס'איז אַרבעט אויסער דער שטוב. דאָס איינציקע, וואָס קען אים אין דעם פאַל פאַר-ענטפערן איז דאָס, אַז ער אַליין איז נישט פעיק צו קיין אַרבעט.

אַזעלכע און נאָך ענלעכע באַמערקונגען האָבן איבערצייגט עספען סאָעלבערגן, אַז זיין זון וועט קיינמאָל נישט מסכים זיין מיט די אָנשויאונגען פון מעטטע טראָפּ.

מעטטע איז שנעל געזונט געוואָרן און איז געקומען אין ביורא פריער נאָך איידער דער יונגער סאָעלבערג איז אַוועקגע-פאָרן. זי האָט נאָך באַוויזן צו געזעגנען זיך מיטן שעפס זון. צומאָרגנס איז ער אַוועקגעפאָרן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מעטטעס אומרויִקייט וועגן די קינדער בשעת זי איז געווען אין לאָנדאָן, איז געווען אינ-גאַנצן אַן איבריקע, די קינדער איז קיין שום שלעכטס נישט געשען. ווי אַלעמאָל, האָבן זיי אָפּגעוואַרט דער מאַמען אויפן וואָקזאַל. זי וואָלט מיטן גרעסטן פאַרגעניגן אַנידערגעקניט און אָפּגעזאָגט אַ דאַנק-תפילה. ביים אָנבייסן האָט זי זיך שטאַרק צעלאַכט פון מאַרגאָט, וואָס האָט אַוועקגעלייגט דעם גאָפּל מיטן מעסער און פול מיט אַנטוזיאַזם, אַ זאָג געטון:

— און זייער לעבן איז אוועק אין בלויז פרייד און גליק...

— וואָס זאָל דאָס באַדייטן, מאַרגאָט?

זי האָט דאָס פאַרטייטשט אַביסל פאַרשעמט:

— אָפּט ענדיקן זיך מעשיות מיט די ווערטער און אַלע דערציילונגען, ווו צוויי געליבטע האָבן סוף כל סוף התונה נאָך דעם, ווי זיי האָבן באַקעמפט אַלע שטערונגען. אמאָל האָב איך נישט פאַרשטאַנען דעם טייטש פון די ווערטער און יעצט ווייס איך שוין יאָ.

— די מאַמע וועט היינט נישט גיין אין גאַס אַריין?

— אַוודאי נישט, מיר בעטן דיך שטאַרק. מיר וועלן זיך אַלע באַפרייען פון אונזער אַרבעט און מיר וועלן האָבן דעם איינדרוק, אז היינט איז אַ יום-טוב.

— ס'איז אייך דען שלעכט אָן מיר?

די שוועסטערן האָבן זיך אַלע אָנגעקוקט. מעטעאַ האָט אַ זאָג געטון:

— לעצטנס האָט אונז דער לערער דערקלערט דעם גע-בוי פון דער קאָפּיל אויף דער קירכע פון הייליקן פיער. ווען מען בויט די קאָפּול, מוז מען זי כסדר אונטערהאַלטן, נאָר ווען דער לעצטער שטיין ווערט אַוועקגעלייגט דאַמאָלט דאַרף מען שוין מער נישט אונטערהאַלטן און אַלץ שטייט שוין אַליין. אַזוי איז אויך מיט אונז; ווען דו, מאַמע, ביסט נישט דאָ קע-נען מיר אַליין זיך אויך נישט אויפהאַלטן און מיר זענען ווי די שטיינדלעך וואָס ווילן זיך אין אַ ליאַדע רגע צעפאַלן אין אַלע זייטן.

— און ווען כ'בין אין דערהיים?

מאַרגאָט האָט אָנגעריררט איר קילישעק מיט די שוועסטערס.

— דאַמאָלט זענען מיר ענלעך צו דער קאַטעדרע פון הייליקן פיער אין רוים.

— צי דאַרף איך נישט זיין צו שטאָלץ פון אָט די אַלע ווערטער?

— אָבער היינט, מאַמע, וועסטו נישט אַוועקגיין, אמת?

— קינדערלעך, איך מוז אויף עטלעכע שעה צופאָרן אין ביוראָ.

— אגב, האָט דער הער סאָעלבערג נעכטן צוויי מאָל געקלונגען, ער האָט געהאַט אַזאַ מאָדנע קול, ער האָט אונז פאַרזיכערט, אַז נאָך נעכטן ביינאַכט וועסטו זיכער אַהיימקומען.

— איך ווייסט נישט, ער האָט מיר געדאַרפט זאָגן עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכע זאַך.

— דער הער סאָעלבערג און עפּעס אויסערגעוויינלעכס אַ שיינע פּאָר!

— מאַרגאָט!

— אַנטשולדיק מיר, מאַמע, איך קען אים אָבער נישט שעצן בלויז דערפאַר, וואָס ער איז דער זון פון מיין טויף-פאָטער.

— ער איז אויך דיין מאַמעס שעף, מאַרגאָט!

— אַ שעף! ער איז גיכער ענלעך צו אַ גלח!

— איך האַלט, אַז ער איז ענלעכער צו אַן ענגלענדער.

— וואָס פאַראַ מיאוסן נאָמען ער האָט: טאָמאַס.

די פרוי מעטטע האָט זיך צוגעהערט צו די באַמערקונגען פון אירע טעכטער און זייער קול האָט איר אינערלעך באַרויקט.

— דו וועסט אונז נישט מיטנעמען מיט זיך?

— ניין, איך וועל ליבערשט גיין אַליין און זיך באַמיען ווי צומשנעלסטן צוריקצוקומען.

זי איז געגאַנגען פאַמעלעך אין דער זייט פון שטאָט. די דעכער פון אויבן האָבן איר אָנגעוויזן אויפן גוט באַקאַנטן וועג, וואָס האָט איר יעצט אויסגעזען פרעמד, אפשר איז עס דערפאַר, וואָס זי האָט זיך אָפּגעוויינט פון נסיעות פון דער צייט פון עספּען סאָעלבערגס טויט. ס'קען אויך זיין, אַז די מורא האָט פאַרוואַנדלט די זיבן טעג אין אַן אייביקייט: זי האָט זיך פריער געדאַרפט זען מיטן שעף און אים אָפּגעבן אַ דין וחשבון

פון איר איינקויף; פונדעסטוועגן איז זי אַוועק גלייך אין קאַנ־טאָר אַריין.

דער אַלטער בוכהאַלטער האָט זיך מיט איר פריינדלעך באַגריסט, נאָר אין זיין בליק איז געווען עפּעס פרעמדס, פון וואָס עס האָט איר אָנגעהויבן צו רוישן אין די אויערן. כדי צוצוגעבן זיך מוט, האָט זי אַ פרעג געטון, צי עס איז נישט געשען אין געשעפט קיין שום ספּעציעלס אין משך פון דער פאַרגאַנגענער וואָך. דער ענטפער איז געווען אַ צווייידייטיקער.

— אַלעמאָל געשען זאַכן ספּעציעלע, נאָר זיי זענען אָפּ־הענגיק דערפון אויף וויפל מיר פאַראינטערעסירן זיך דער־מיט.

זי האָט שנעל דורכגעקוקט די פּאָסט.

— מיר האָבן געהאַט אַ רעוויזיע.

עס האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז זי הערט די ווערטער פון שלאָף. איר איז אַלץ קלאָר געווען און דאָך האָט זיך איר אויסגעדאַכט, אַז דאָס רעדט מען נישט צו איר... מ׳האָט זי אַריינגערופן צום שעף.

ווען זי איז אַריינגעגאַנגען איז טאָמאַס סאָעלבערג גע־זעסן ביי זיין אַמעריקאַנער ביוראָ־טיש, דאָסמאָל האָט ער זיך נישט אַ ריס געטון פון אָרט. כדי זי צו באַגריסן, ווי ער האָט דאָס פריער געטון. ער האָט זיך פאַמעלעך אויפגעהויבן און אָנגעשפּאַרט זיך מיט די הענט אָן דער ביורקע.

ער האָט איר נישט געקוקט אין די אויגן אַריין.

אַ לאַנגע, שרעקלעך לאַנגע רגע פון שווייגן; נאָך איר זענען די ווערטער שוין געווען איבעריק.

— דאָס איז... דאָך אוממעגלעך?...

אַ שטילשווייגן.

זי האָט געוואָלט, אַז דאָס שווייגן זאָל געדויערן אַן איי־ביקייט, כדי זי זאָל קענען שטיין פאַר אים און זען ווי ער ליידט. זי האָט געוואָלט קוקן אויף אים און מורא געהאַט, אַז ער זאָל נישט פאַרשווינדן ווערן פון אירע אויגן פונקט אַזוי,

ווי ס׳ווערט פארשווינדן דאָס ליכט, ווען די לאָמפּ גייט אויס.

זיין האַנט איז שווער אַראָפּגעפאַלן אויף אַ שטויס פּאַפּירן.

— דאָ זענען די פּאַפּירן... אַלע איניינעם... אָבער איך גלויב נישט... איך קען נישט גלויבן...

זי האָט געענטפערט רויק, ווי די ווערטער וואָלטן נישט געהאַט קיין שייכות צו איר נאָר צו אַ פרעמדן.

— איך בין גרייט אויפצונעמען די שטראָף פאַר דעם פאַרברעכן.

זי האָט זיך שטאַרק געוווּנדערט, פאַרוואָס זי רעדט אַזוי רויִק און פילט נישט דערביי קיין שום ווייטיק, יאָ, אין אָט דער רגע איז זי געשטאַנען שטייף פאַר טאַמאַס סאָלבערגן, אַן אויסגעגלייכטע געקוקט אויף אים פּונקט אַזוי, ווי אַלס מיידל איז זי געשטאַנען שטייף פאַרן פאָטער, וואָס האָט געשאַפן מאָטיוון פונם כאַאָס פון קלאַנגען. די יבשה מיטן ים, אַזוי ווי דאַמאָלט, אַזוי האָט יעצט געקלאַפּט איר האַרץ.

מיט דער האַנט האָט זי צעקנייטשט דעם גאַנצן שטויס פּאַפּירן.

— אָט דאָ איז דער רעזולטאַט פון דער רעוויזיע. דער איינציקער מענטש, וואָס איז זיך דאָ עפּעס משער, איז דער אַלטער בראַנדט.

די ווערטער „דער אַלטער בראַנדט" און „רעוויזיע" האָבן איר אַ קלאַפּ געטון. אַגב וואָס גייט דאָס אַלץ אָן זיי, איר און אים?

ער האָט מיט דער האַנט אַ רוק געטון איבערן שטערן.

— אין משך פון דער גאַנצער נאַכט, האָב איך נישט צוגעמאַכט קיין אויג... איר אַליין... איך פאַרשטיי דאָ גאָרנישט. איר אַליין האָט דאָך געבעטן יעדעס יאָר אַ רעוויזיע — ווער האָט זיך דאָס געקאָנט פאָרשטעלן... מיט אַ קלאָר קול האָט זי געענטפערט. (זי האָט נאָך אַלץ געעטעמט מיט דערזעלבער לופט וואָס ער).

— כ'האָב געוווסט, אַז סוף כל סוף וועט זיך אַלץ אַרויס־ווייזן.

צום סוף האָט ער אַ קוק געטון אויף איר. אירע ליפּן האָבן זיך געעפנט צו אַ שמייכל, ווי זיי וואָלטן זיך גרייטן צו אַ קוש. זיין בליק איז געווען נישט זיכער, ווי פאַרשעמט.

— מיר מוזן געפינען עפּעס אַן אויסוועג.

זי האָט בלויז געפילט ווי שטאַרק זי האָט אים ליב.

— נאָך היינטיקן טאָג, בעט איך אייך, זאָלט איר אַריינטראָגן אַן אָנקלאַגע אויף מיר אין געריכט אַריין. איך וואָלט נאָר פריער געוואָלט אָנזאָגן דערוועגן מיינע קינדער.

זי האָט גערעדט אַזוי, ווי זי זאָל זיך באַשטימען מיט דער שניידערן די מאָס פון אַ קלייד. זי האָט אַלץ געוווסט, וואָס זי רעדט, און ס'איז איר קלאָר געווען דער גוואַלדיקער תהום, וואָס ליגט יעצט צווישן דעם וואָס זי פאַרשטייט מיטן מוח און פילט מיטן האַרץ.

— איך קען אייך נישט אָפּראַטעווען.

זיי זענען געשטאַנען נישט ווייט פון זיך. די פרוי מעטסע האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער טוליעט זי צו זיך, נעמט זי אַרום און וויל זי ווערן און באַשיצן פון דער גאַנצער וועלט.

— איך קען אָבער נישט דערלאָזן אַז... איר זאָלט זיצן אין תפיסה.

מעטסע טראַפּ האָט געוואַרט מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם, ווי דאַמאָלט, אַלס קינד ווען דער פאָטער האָט געזאָלט אַ קלאַפּ טון מיטן שטעקעלע אָן פולפּיט. יעצט... יעצט... ער וועט אַרויסזאָגן די ווערטער אויף וועלכע זי וואַרט... זי האָט זיי שוין צוויי מאָל געהערט און יעצט דערוואַרט זי זיי צום דריטן מאָל. זי וועט דאָך זיי נישט אויסנוצן, נאָר זי וויל האָבן דעם באַוווסטזיין.

— פאַרוואָס העלפט איר מיר נישט, פרוי טראַפּ, איר זעט דאָך, אַז איך וועל מיר אַליין נישט געבן קיין עצה. געפינט עפּעס אַן אויסוועג, איר מוזט אים געפינען! איך בין גרייט

צו ברענגען אַלע קרבנות, כּדי אייך צו באַפרייען.

זי האָט געשטעלט אַ טריט אין זיין זייט און אים אַ קוק געטון אין די אויגן. ער האָט זיך אָפּגערוקט און דאָס בלוט האָט אים אַ קלאַפּ געטון אין פּנים אַריין.

זי האָט פאַרשטעלט דאָס פּנים מיט די הענט.

— איך קען אייך גאָרנישט העלפן, הער טאָמאַס סאָעל־בערג, איך קען מיר אַליין אויך קיין שום עצה נישט געבן.

זי איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, אומגעקערט זיך אויף אַ ווײַלע, זי האָט געוואָלט אים אַ זאָג טון: „איך האָב דיך ליב" נאָר זי האָט געשוויגן. ער איז צוגעגאַנגען צו איר און זי האָט דערפילט זיין הייסן אָטעם אויף איר פּנים.

— איך... קען נישט...

זי האָט געוווסט, וואָס ער קען נישט.

ער איז געווען אַן ערנהאַפטער מענטש און זי אַ פאַר־ברעכערין. זי האָט נערוועז געריסן די הענטשקעס, עס האָט זיך איר אויסגעדוכט, אַז מ'שיט איר אַרויף אַש אויפן קאָפּ.

— פאַרבלייב געזונט, טאָמאַס סאָעלבערג, און בעט דיין פאָטער, ער זאָל מיר מוחל זיין.

ס'איז וואָס אַמאָל אַלץ מער אַש געפאַלן אויף איר קאָפּ, ביז זי אַליין איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אויף אַש.

פאַרן ביוראָ איז זי איינגעזעסן אין אַן אויטאָ. בשעתן פאָרן האָט זי געוואָלט זיך צוגרייטן, וואָס זי וועט זאָגן די קינדער, ווי אַזוי וועט זי זיי דאָס דערציילן, אָבער דאָס אַש איז איר געפאַלן פונם מוח אויפן האַרץ. זי האָט זיך ווידער דערזען אַן איבערגעבויגענע איבערן קבר אינם גרויען הערבסט־טאָג. זי האָט נישט געטרויערט נאָכן געשטאָרבענעם, עס האָט זיך אין איר געוועקט אַ ניי, שטאַרק געפיל. ס'האָט געזאָלט זיך דערפילן דער טרויס פון איר גאַנץ לעבן.

דאַמאָלט איז געשען דער משפט און יעצט הויבט זיך אָן די תשובה.

די שטראָף איז באַשטאַנען דערין, וואָס זי האָט געמוזט־

אַלץ ווייטער זינקען אין זינד כּדי אַזוי אַרום צו פאַרווישן די שפּורן פון איר עבירה און קיינער זאָל נישט דערגיין דעם אמת.

ס׳איז פּשוט געווען וואונדערלעך, ווי זי האָט מיט קאַלט־בּלוט פאַרשטעלט איין ליגנט מיטן צווייטן, שפּעקולירנדיק כּסדר, זי האָט נישט געהאַט דערבּיי קיין שום שוועריקייטן, ווייל דער זון, וואָס האָט איבערגענומען די ביורא נאָכן פאָטער האָט קיין זאַך נישט געענדערט אין געשעפט, געבּנדיק איר דיזעלבּע פול־מאַכטן, גלייך ווי אַלע, האָט טאָמאַס איר גערופן פרוי טראַפּ, אַנדערע האָבן געמיינט, אַז דאָס פּוצט זי זיך אין פרעמדע פּע־דערן, נאָר ער האָט געמיינט, אַז דאָס איז איר אמתער נאָמען, ער האָט זיך געהאַלטן ווייט פון זיינע מענטשן און קיינער האָט נישט געהאַט די העזה אים אַ זאָג צו טון, ווי זי הייסט. אין יענעם טאָג ווען ער האָט איר פאָרגעלייגט זי זאָל בּלייבּן זיין פרוי, האָט זי אים אַליין דערציילט ווער זי איז.

ס׳איז אַלץ אַריבּער אַזוי ווי זי האָט פאָרגעפּילט. ער האָט זיך אָפּגערוקט פון איר, ווי פון אַ מצורע. מעטטע האָט געוואָלט בּאַהאַלטן איר חרפּה און דעריבּער אָנגעטון אויף זיך אַ טאָגע פון פאַלשער שטאָלץ. זאָל ער זי נישט זען קיין הכנעהדיקער, ווי זי האָט חרטה אויף אירע עבירות.

אין צוויי וואָכן אַרום האָט זי דערהאַלטן פון אים אַ בּריוו אין וועלכן ער בּעט ביי איר אַנטשולדיקונג פאַר די נישט טאַקטישע האַנדלונג. ער האָט זי נישט געוואָלט בּאַליי־דיקן. ער שעצט זי און האַלט זיך פאַר אַ כּבוד, וואָס ער האָט פאַרדינט אויף איר צוטרוי. אַנטשולדיקנדיק זיך צום צווייטן מאָל בּעט ער זי, זי זאָל בּלייבּן זיין פרוי.

פון די קורצע, אָפּגעהאַקטע זאַצן האָט זי דערפילט, אַז נישט קוקנדיק אויף די שטרענגע פאָדערונגען, וואָס ער שטעלט פרויען, האָט ער דאָך פאַר איר נאָך אַזוי פיל דרך ארץ, אַז ער איז גרייט פאַר זיין צייטווייליקן אומטאַקט צו בּאַצאָלן מיט אַן אומגליק פאַר זיין גאַנץ לעבּן. מיט אַ ווייטיקדיקער הנאה האָט זי אים געענטפערט, אַז זי קען נישט בּלייבּן זיין פרוי,

ווייל זי האָט אים נישט ליב.

ער האָט שפּעטער קיינמאָל נישט דערמאָנט וועגן זיין בריוו און נישט וועגן איר ענטפער. ער האָט אַלעמאָל געהאַט פאַר איר דעם שטאַרקסטן דרך ארץ און דער גאַנצער פערסאָנאַל האָט זיך געהאַלטן לויט זיין ביישפּיל. ער האָט זי געבעטן זי זאָל נישט טוישן איר טראַדיציע און בשעת די אויפנאַמען, וואָס ער אָרדנט איין, זאָל זי ווייטער שפּילן די ראָל פון דער באַלעבאָסטע פון הויז, פּונקט ווי זי האָט דאָס געטון ביים פאָטערס לעבן. זי איז באַשטאַנען דערויף, ווייל זי האָט נישט געזען קיין שום סיבה, צוליב וועלכע זי זאָל אים אָפּזאָגן.

פאַר אַלע פייערלעכע יום־טובים האָט ער איר אָפּגעשטאַט אַ וויזיט, הגם זי פלעגט אים קיינמאָל נישט פאַרבעטן. די פרוי מעטטע האָט פאַרשטאַנען, אַז דאָס טוט ער צוליב די קינדער אָדער ער וויל אַזוי אַרום פאַרגיטיקן דעם פאַקט, וואָס דער פאָטער דערמאָנט איר נישט אין זיין צוואה. אַ שרעק האָט זי אַרומגענומען אויפן געדאַנק, אַז דעם זון קענען נאָך אַריינפאַלן אין די הענט די בריוו וואָס זי האָט אַמאָל געשריבן צו זיין פאָטער...

## VI

ווען זי איז צוגעקומען אַהיים איז זי נישט אינגאַנצן געווען צוגעגרייט אויף דעם אַלעם, וואָס האָט איר דאָ ערוואַרט. זי האָט נאָך נישט באַוויזן אַרויס צו זאָגן „גוט מאָרגן" ווי אילזעביל איז צו איר צו געפאַלן אַן אומרויקע.

— מאַמע, ביסט אפשר קראַנק?

— דער קאָפּ טוט מיר אַ ביסל וויי.

— דאָס איז נאָך פון דער רייזע. לייג זיך שנעל אין בעט אַריין און מיר זאַלבעדריט וועלן זיך זעצן נעבן דיר. אפשר ווילסטו זיך בעסער איבערשלאָפן?

זי האָט געוווּנען אַ רגע צייט און אַלע זענען שוין געווען אַרום איר.

מאַרגאָט האָט אַ זאָג געטון:

— מאַמע, וועגן וואָס דאגה'סטו אַזוי שטאַרק?

מעטטע האָט אויף איר אַ קוק געטון הילפלאָז.

— מאַמע... צי איז נישט געשען עפּעס שלעכטס?

מעטטע האָט געפרעגט:

— צי איז עפּעס געשען אין ביוראָ?

זי האָט זיך איינגעקורטשעט אין דער העלפט.

— אַך, קינדער מיינע! ווי אַזוי זאָל איך אייך דאָס זאָגן?

אילזעביל האָט געגלעט אירע הענט.

— מאַמע, אייב דיר איז שווער אונז דאָס צו זאָגן, ייעט אפשר זיין בעסער אַז די זאָלסט אונז וועגן קיין זאַך נישט דער־ציילן. צוליב וואָס זאָלסטו רעדן וועגן זאַכן, וואָס פאַרשאַפן דיר יסורים? נישט אַלץ זענען מיר דאָך מחויב צו וויסן. דו וועסט אונז דערוועגן דערציילן אַמאָל אין דערצוקונפט.

די מוטער האָט זיך היסטעריש צעלאַכט.

— קינדער איר ווייסט גאָרנישט, וואָס איר רעדט! אין דער צוקונפט, אַמאָל!...

אַלע דריי האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום דער מוטער. איר דערשלאָגנקייט האָט זיי אויך אָנגעשטעקט. מאַרגאָט האָט אָנגעהויבן צו האַקן מיט די ציין.

— מאַמע, זאָג בעסער שוין, לאָמיר אַלץ איבערלעבן מיט־אַמאָל.

—זאָגט, צי איז אייך גוט געווען ביז יעצט?

זיי האָבן זיך אָנגעקוקט דערשטוינטע און גאָרנישט געענטפערט.

— ס׳וועט זיין בעסער, אַז איך וועל אייך דאָס אַליין דערציילן. איידער אַן אַנדערער זאָל דאָס טון...

— מאַמע, דו קענסטע אונז דרייסט אַלץ דערציילן. ווי לאַנג מיר אַלע זענען צוזאַמען קען אונז קיינער קיין שום עולה נישט טון.

— אַוודאי, אַוודאי, אויב מיר אַלע זענען צוזאַמען... אָבער איר קענט נישט זיין ביי אַ מוטער וואָס... וואָס...

— מאַמע, מאַטער אונז נישט, זאָג אונז פשוט און אָפן וועגן וואָס גייט דאָ?

— אויב כ׳וועל צו וואַרטן ביז מאָרגן, וועלן אייך שוין פרעמדע דערציילן.

— נו דערצייל־זשע, דערצייל!

זי האָט אָנגעקוקט אירע קינדער, איינער נאָך דער אַנ־דערער, ווי זי וואָלט ערשט יעצט פאַרשטאַנען, וואָס זי פאַרמאָגט.

— קינדער מיר וועלן זיך מוזן צעשיידן.

מאַרגאָט האָט אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין.

— מאַמע, דו מיינסט עס נישט ערנסט. דו קענסט אַזוי נישט אַוועקוואַרפן. דו טאָרסט פון אונז נישט אַוועקגיין.

אילזעביל האָט זיך באַמיט צו באַרויקן די שוועסטער.

— מאַרגאָט, מ׳טאָר נישט באַלד אַזוי וויינען. דו פאַרשטייסט אַליין, אַז אויב די מאַמע וויל פון אונז אַוועק, איז עס נישט צוליב איר אייגענעם פאַרגעניגן... צי דאַרף דאָס זיין אַ רייזע צוליב... איינקויפן סחורות? אפשר אויפן וויטן מזרח?

בשעת זי האָט געפרעגט האָט איר מויל געציטערט.

די מוטער האָט געשוויגן. אילזעביל האָט זיך אויפגעשטעלט און אָנגעהויבן אַרומצוגיין איבערן צימער. אַ צייט לאַנג האָט זי אָבסערווירט איר מוטער און דערנאָך געזאָגט:

מאַמע, הייס זיי אַרויסגיין פון שטוב, איך מוז דיך עפּעס פרעגן.

— קיינער פון אייך וועט פון דאַנען נישט אַרויסגיין. קענסט דרייסט פרעגן און אַלע וועלן הערן דעם ענטפער.

אילזעביל האָט געעפנט דאָס מויל, נאָר די ווערטער זענען איר געבליבן שטיין אין האַלז. צום סוף האָט זי קוים אַרויסגעזאָגט.

— אפשר האָט די מאַמע חתונה?

— צי איך האָב חתונה? ניין. אילזעביל, דאָס איז נישט אמת.

— אפשר האָט דער פעטער פרעבען אָפּגעטון עפּעס שלעכטס?

— איך האָב דאָך אייך געזאָגט, אַז איך מוז אייך פאַרלאָזן. פאַרוואָס פרעגט איר מיך אפילו נישט וואַהין איך גיי?

— ס׳איז דאָך אַלץ איינס, מאַמע. וואַהין דו גייסט אַוועק אויב מיר וועלן נישט קענען מיטגיין מיט דיר.

— ניין, קינדערלעך, וואַהין איך גיי קענט איר נישט מיטגיין.

— מאַמע, דו האָסט אונז פון אייביק אָן געלערנט, אַז מ׳דאַרף רעדן וועגן אַלעם דרייסט און אויפנהערציק און דו

אַליין מאַטערסט אונז יעצט אַזוי שטאַרק.
— איר פרעגט דאָך מיך נישט ווּהין איך גיי?...
— אַך, די מאַמע איז ווידער קראַנק?... מ׳דאַרף זי אָפּע-רירן! ס׳איז אַ געפערלעכע אָפּעראַציע! זייער אַ געפערלעכע?
מעטטע האָט געענטפערט רויק און דייטלעך:
— די מאַמע איז באַגאַנגען אַ פאַרברעכן און מוז דערפאַר אַוועקגיין אין תּפיסה.
קיינער האָט נישט געענטפערט, אַ לאַנג שטילשווייגן.
אילזעביל האָט פּאַמעלעך אויפגעהויבן די הענט צו די שלעפן און זיי צוגעדרוקט.
— יעצט, מאַמע, ווייסן מיר שוין וועגן אַלעם, און דו וועסט אונז מער גאָרנישט דאַרפן זאָגן.
די פרוי מעטטע האָט אָפּגערוקט אירע טעכטער פון זיך.
— רירט מיך נישט אָן! דערנענטערט זיך נישט צו מיר! אייער מאַמע וועט זיצן אין תּפיסה. אייער מאַמע איז אַ ליג-נערין, אַ גנבטע. אייער מאַמע האָט געפעלשט וועקסלען.
אילזעביל האָט איר מיט דער האַנט-פלאַך פאַרמאַכט דאָס מויל.
זאָג אונז מער גאָרנישט. גיב אַ קלער, מיר זענען נאָך אַזוי יונג און ס׳איז געוואונשן, אַז מיר זאָלן זיין רויק, אַזויפיל איז מיטאַמאָל אונז געפאַלן אין קאָפּ אַריין...
מאַרגאָט האָט זיך אַ וואָרף געטון צו דער מוטער.
— מאַמע, מאַמעשי... טייערע מאַמע, גיי נישט אַוועק פון אונז, דו טאָרסט אונז נישט פאַרלאָזן.
מעטטעאַ האָט ווידער אַ פרעג געטון:
— ווען מוזטו פון אונז אַוועקגיין?
— היינט, תּיכף דערנאָך ווי כ׳וועל אָפּשמועסן מיט אייך.
— צי וועט מען קומען נאָך דיר?
אַן אָנגעהויערע פאַרצווייפלונג האָט אַ ריס געטון מעטטעס האַרץ.
— ניין. קיינער וועט נאָך מיר נישט קומען. כ׳וועל אַליין גיין.

אַלץ איז שוין געזאָגט געוואָרן און די קינדער האָבן פריִען געוווּסט וועגן אַלעם. די פרוי מעטטע האָט זיך איינגעקוקט אין אירע טעכטער, ווי זי וואָלט עפּעס זוכן אין זיי. זי האָט פשוט נישט געקענט דערטראָגן די אויסערלעכע רויִקייט פון די קינדער.

— פאַרוואָס רעדט איר גאָרנישט? נו, אילזעביל, מאַטטעאַ, זאָגט שוין עפּעס!

— וואָס קענען מיר, מאַמע, דיר יעצט זאָגן?

— פאַרוואָס אַנטלויפט איר נישט פון מיר? פאַרוואָס שרייט איר נישט: מיר פאַראַכטן דיך! צי וואָלט דען נישט געווען פיל בעסער ווען איר זאָגט מיר אָט דאָס אַלץ, איידער צו שווייגן און אַזוי צו טראַכטן...

אילזעביל האָט אַנידערגעקניט פאַר דער מוטער.

— ס׳קען זיין, אַז דו ביסט אַ ליגנערין; אונז האָסטו אָבער קיינמאָל נישט אָפּגענאַרט, דו ביסט געווען אונזער מוטער און וועסט עס פאַרבלייבן. דאָס אַלץ איבריקע איז דאָרט אין דרויסן, אין גאַס, וווּ עס וווינען פרעמדע מענטשן. יענץ גייט אונז נישט אָן. מיר האָבן דיך ליב מאַמע, אַזאַ ווי דו ביסט. דו ווייסט דערפון מאַמע, אַז אַנדערש קען דאָס נישט זיין.

מאַרגאָט האָט שטיל געשעפּטשעט:

— אַלץ, וואָס דו וועסט טון איז גערעכט. ווען דו גנבעסט הערט אויף די גנבה צו זיין אַ פאַרברעכן.

די פרוי מעטטע האָט מיטאַמאָל אויסגעשריגן.

— גאָט מיינער, צו וואָס האָב איך אייך דערפירט! צו וואָס עס איז שוין דערגאַנגען!

זי האָט אויסגעצויגן די הענט אַזוי, אַז קיינס זאָל זיך נישט קענען דערנענטערן צו איר.

— צו וואָס האָב איך אייך דערפירט! און ס׳האָט זיך אויסגעדוכט, אַז איך טו אַלץ, וואָס איך קען, כדי איר זאָלט אויסוואַקסן אויף פיינע ערלעכע פרויען. איך האָב נאָר פאַרקריפּלט אייער כאַראַקטער און יעצט איז אָנגעקומען די צייט פון נקמה...

זי האָט טיף אָפּגעצעמט און געזאָגט אין אַ קרענקלע־כער התלהבות:

— אילזעביל און מאַטעאַ, הערט אויס! אונטער אייער שוץ לאָז איך איבער מאַרגאָטן. איר וועט טראָגן די פאַראַנט־וואָרטלעכקייט פאַר אייער שוועסטער. זי איז שטאַרק ענלעך צו מיר און דעריבער זאָלט איר אויף איר אַכטונג געבן. הערט זיך איין און געדענקט: עס איז נישט פאַראַן קיין שום פאַר־ענטפער פאַר מיר, קיין מענטש אין דער וועלט קען נישט באַ־רעכטיקן מיין טאַט. ווער עס וועט מיך ווערן, דער איז דער־זעלבער ליגנער, ווי איך. איך האָב אייך געברענגט אויף דער וועלט, ווייל דאָס האָט מיר אַנטשפּראָכן אין פאַרשאַפן פרייד. איבער אייך האָב איך זיך קיינמאָל נישט אָפּגעשטעלט. כ'האָב זיך אַפילו נישט געגעבן דעם פאַרגעניגן פון דערקענען דעם אייגענעם פאָטער, וואָס וואָלט זיך אינטערעסירט מיט אייך. יעצט איז שוין אָבער צו שפּעט. איך האָב שפּעקולירט נישט צוליב נויט און נישט דערפאַר, וואָס אַנדערע האָבן מיך אַריינ־געצויגן אין שפּילן. נאָר דערפאַר, וואָס כ'האָב ליב געהאַט די שפּילן. איך האָב געגנבעט, ווייל איך בין לייכטזיניק. און אַלץ, וואָס כ'האָב געוואָלט, האָב איך געמוזט האָבן. איך האָב אָפּ־גענאַרט דעם מאַן, וואָס האָט מיר געשענקט אַ הויז. ניין, פאַר מיר איז נישט פאַראַן קיין שום תירוץ: איך בין אַזאַ שפּילער ווי מיין פאָטער. יעצט האָב איך פאַרשפּילט מיין אייגן לעבן און אייער צוקונפט. כ'בין געפאַלן אַזוי נידריק, אַז ווייטער קען מען שוין נישט פאַלן. אייערע ריינע נשמות טאָרן נישט ווערן באַפלעקט. הערט מיינע קינדער! אויב איר קענט נישט אויפ־הערן, האָט מיך ווייטער ליב, נאָר וויסן זאָלט איר, אַז איר האָט ליב אַ ליגנערין און אַ גנבטע. פּרוווט מיך נישט באַרעכ־טיקן, איך זאָג אייך, אַז ס'איז נישט פאַראַן...

אַ דערשעפטע האָט זי מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט.

די קינדער זענען געשטאַנען אומבאַוועגט פון איבער־ראַשונג.

אילזעביל איז צוגעגאַנגען צו דער מוטער און אויפגע-הויבן איר האַנט.

— צי קען איך אויף אַ רגע בלייבן מיט דיר אַליין?

די פרוי מעטטע האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף יאָ. די יונגערע שוועסטער זענען שטילערהייט אַרויס פונם צימער.

אילזעביל האָט אָפן אַ פרעג געטון:

— מאַמע, צי דאַרפסטו נישט עפּעס נאָך ברענגען אין אָרדנונג... איידער דו גייסט אַהין דאָרטן?

די מוטער האָט אויף איר אַ קוק געטון מיט שטוינונג.

— פון וואַנען נעמסטו אַזויפיל כוחות?

— איך בין גאָרנישט אַזוי שטאַרק. אַלס עלטסטע פאַר-שטיי איך, אַז איך טראָג די גרעסטע פאַראַנטוואָרטלעכקייט.

— זאָג מיר, מאַמע, צי מיר וועלן זיך מוזן פון דאַנען אַרויסציען?

די פרוי מעטטע האָט בשום אופן נישט געקאָנט אויס-האַלטן דעם אומשולדיקן און פאַרצווייפלטן בליק פונם קינד. זי האָט געענטפערט מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן:

— ניין, קיינער האָט נישט קיין רעכט צו דער וויללע. אייער טויף-פאָטער האָט זי אייך געשאָנקען...

— און אפשר זאָלן מיר זי פאַרקויפן?... זי מוז ווערט זיין אַ סך געלט...

— הייסט עס, אַלס דעקונג פאַר מיינע... ניין, די וויללע טאָר מען נישט רירן ביז איר וועט ווערן דערוואַקסן.

— אויב אַזוי. ווייס איך שוין אַלץ. אַגב איז טאַקע גוט וואָס מיר וועלן בלייבן אין דער וויללע, ספּעציעל צוליב מאַר-גאָט... אָבער אפשר וואָלסטו דערלויבט אונז צו פאַרקויפן אונ-זער צירונג, וואָס געהער נאָר אונז.

— איר קענט מיט עס טון אַלץ וואָס איר ווילט.

— די מעבל מיט די זאַכן קען מען ביי אונז צונעמען?

— ליידער... קען מען.

— אַ דאַנק דיר מאַמע, וואָס האָסט אונז געזאָגט, ווי

אלץ זעט דאָ אויס. דאָס וועט אין אַ גרויסער מאָס פאַרלייכ־
טערן די לאַגע. יעצט איז פאַרשטענדלעך, אַז אַלץ אויסער דעם
וועל איך רעגולירן. קודם כל וועלן מיר אָפּזאָגן ליזען און
יאָנגען, אָבער...

זי האָט אַ שמייכל געטון מיט ציטעריקע ליפּן.

— מיר אַלע דריי האָבן געזונטע הענט. אויב דו האָסט
גאָרנישט דאַקעגן וואָלטן מיר אָפּגענומען מאַרגאָט פון דער שו־
לע, זי איז אַזאַ היציקע, זי קען זיך נאָך עפּעס טון...

מעטעז האָט געקוקט אויפן קינד, וואָס איז אין משך פון
דער איינציקער שעה געוואָרן אַ דערוואַקסענע פרוי.

— רעד זיך דורך מיט דיינע שוועסטערן און טוט אַליין
אַלץ, וואָס איר פאַרשטייט פאַר ריכטיק. איך האָב נישט קיין
שום רעכט אייך צו געבן עצות.

— דו מוזט דאָך אָבער אונז ראַטן. די גאַנצע צייט וועלן
מיר זיך פירן לויט דיין ווילן.

זי האָט זיך צוגעטוליעט צו דער מוטער און קוים אַרויס־
גערעדט:

— דו האָסט קיינעם נישט וואָס צו זאָגן?

די מוטער האָט רויִק געענטפערט:

— ניין, כ'האָב קיינעם נישט וואָס צו זאָגן.

— אַפילו דעם פעטער ניעלס, פעטער פרעבען און קאַ־
פּיטאַן קעלפּ?

— ניין.

— מיר וועלן מעגן דיך באַזוכן?

— לאָמיר נישט רעדן יעצט דערוועגן.

אילזעביל האָט נאָכאַמאָל אַ פרעג געטון:

— מאַמע, איך וואָלט דיך געוואָלט דערמאָנען וועגן דיי־
נע פאַפּירן און בריוו. האָסט אַמאָל געזאָגט, אַז אין פאַל פון
זיין פלוצלינגדיקן טויט... זאָלן מיר פאַרברענען אַלע דיינע
בריוו, יעצט קלער איך, אַז אפשר אימיצער אַ פרעמדער... זאָל
איבערקוקן דיינע שופלאָדן... זיי נישט בייז אויף מיר, פאַר־
וואָס איך זאָג דיר דאָס אַלץ.

— כ'דאַנק דיר, אילזעביל. האָסט מיך אויסגעלערנט זיין שטאַרק. איך גיי טאַקע באַלד ברענגען מיינע זאַכן אין אָר־דנונג. שפּעטער וועט איר מיר עפּעס שפּילן... איידער כ'וועל אַוועקגיין.

אילזעביל האָט אַ זאָג געטון די שוועסטערן.

— מען טאָר נישט וויינען אין דער מאַמעס אָנוועזנהייט.

שווייגנדיק האָבן זיי זיך געהאַלטן פאַר די הענט.

מאַרגאָט האָט אָנגעקלאַפּט אין דער מוטערס צימער.

— דאָס בין איך, מאַרגאָט.

די מוטער איז געזעסן ביי אַרויסגערוקטע שופלעדער און גלייכגעלייגט בריוו און פאַרשידענע קוויטלעך. מאַרגאָט איז גע־שטאַנען אויף דער שוועל.

— פאַרוואָס גייסטו נישט אַריין? וואָס ווילסטו קינד?

— גאָרנישט, כ'וויל נאָר אַביסל דאָ זיין...

— קום אַהער נענטער. האַלט זיך נישט איין אַזוי שטאַרק פון וויינען. פאַרוואָס קוקסטו אַזוי אויף מיר? האָסט מורא פאַר עפּעס?

— מאַמע, דו ווייסט דערפון, אַז ווען די שיינע סילאָפּ־רע איז אַרויפגעגאַנגען אויף דער יבשה האָבן אירע קינדער געוויינט אין ים. זי האָט דאָס געהערט און דער געוויין האָט איר שטאַרק וויי געטון.

— איך האָב געוואָלט געבן מיינע קינדער דאָס טע־לערל פון הימל און איך אַליין האָב פאַר זיי געשאַפן אַ פינצ־טערע לאַנגע נאַכט.

מאַרגאָט האָט אָנגערירט מיט די ליפן די מוטערס ברעמען.

— ווען מ'איז שטאַרק מיד איז אַ פינצטערע נאַכט זייער געוואונטשן.

— און דו ביסט טאַקע שטאַרק מיד?

מאַרגאָט האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף יאָ.

— כ'וואָלט אַזוי געוואָלט קענען שלאָפן די נאַכט. און אויב כ'וועל נישט קענען איינשלאָפן וועסטו, מאַמע, מיר דער־

ליבן צו נעמען דיינע פילן צום שלאָפן?

— אפשר ווילסטו, מאַרגאָט, איך זאָל זיצן ביי דיין בעט אײדער דו וועסט איינשלאָפן?

— און ווען איך וועל זיך איבערוועקן און דערזען, אַז דו מאַמע ביסט שוין... ניין, ניין, מאַמעלע, גיי בעסער באַלד אַוועק.

— מאַרגאָט נעם די וויאָלאָנטשעל און שטעל זי אָן; איך וועל באַלד אַריינקומען. ס׳וועט זיך אונז אויסדוכטן, אַז דאָס שפּילסטו, כדי מיך, אַ מידע, איינצושלעפן. ווילסט ס׳זאָל אַזוי זיין?

אַ שמייכל האָט העל געמאַכט דעם קינדס פּנים.

— די איינוווינער פון גרענלאַנד האָבן אָפט לאַנגע, זייער לאַנגע נעכט און זיי זענען גאָרנישט פאַרצווייפלט דעריבער, ווייל זיי ווייסן, אַז עס קען אַנדערש נישט זיין.

אימיצער האָט אָנגעקלאַפּט אין דער טיר.

— קום אַריין, מאַטטעאַ!

— איך וויל דיר, מאַמעשי, נישט שטערן, נאָר ווייסט...

— פרעג דרייסט. אַלץ וואָס כ׳וועל קענען, וועל איך דיר זאָגן.

— מאַמעשי... דאָס געלט, וואָס פעלט... וועגן וועלכעס דו האָסט גערעדט, צי איז דאָס אַן ערן-חוב?

— אַן ערן-חוב?

— אַוודאי, איך קום דיר, מאַמעשי, מעלדן, אַז איך מיט אילזעביל האָבן באַשלאָסן צו נעמען דעם חוב אויף זיך. אפשר וועט דאָס לאַנג געדויערן, נאָר מיר וועלן אים זיכער באַצאָלן און דו דאַרפסט, מאַמעשי, וועגן דעם מער נישט קלערן.

נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער איז זי אַרויס פונם צימער.

ווען די פרוי מעטטע איז אַריין אינם עס-צימער איז שוין דער טיש געווען געדעקט און אילזעביל האָט אַ זאָג געטון, כמעט נישט ציטערנדיק מער:

— ליזע האָט אַ שעה צייט זיך געפּאָרעט ביים קוכן — דו־

מוזט עס, מאַמע פאַרזוכן.

— נו מיר הויבן אָן צו שפּילן.

די מוטער איז אַן אויסגעגלייכטע געשטאַנען אינמיטן צימער.

— אויב ס׳וועט אייך נישט אויפרעגן מיין שלעכט שפּילן, וואָלט איך אייך פאָרגעלייגט מ׳זאָל אויספירן טשאַיקאָווסקין. אילזעביל וועט פאַרנעמען דאָס אָרט פונם פעטער פרעבען און מאַטעאַ וועט איבערמישן די בלעטלעך.

נאָך די ערשטע צוואַנציק טאַקטן איז געפּלאַצט אַ סטרונע ביי דער וויאָלאָנטשעל. קיינער האָט שוין מער נישט געקלערט וועגן ווייטערדיקן שפּילן. די פרוי מעטטע האָט אַ זאָג געטון מיט אַ געוויינלעך קול.

— קינדער. ברענגט מיר אַריין מיינע זאַכן.

זיי האָבן איר געהאָלפן ביים אָנטאָן זיך. זיי האָבן איר דערלאַנגט דעם מאַנטל, צוגעקנעפּלט און צוגעבונדן די וואָאַלקע.

מאַטטעאַ האָט אַריינגערוקט דער מוטער אַ פיל אין האַנט אַריין.

— עס וועט דיר צונויף קומען אויף היינטיקער נאַכט.

ווען די מוטער האָט פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך, האָט מאַרגאָט אַ רוף געטון פאַרצווייפלט:

— מאַמעשי, אפשר קען איך דיך צופירן אַ שטיקל וועג?

זי האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף ניין. מ׳האָט מער נישט אויסגערעדט קיין איין וואָרט. ביים אַרויסגאַנג פון גאָרטן האָט זי יעדעס קינד אַ קוש געטון אין שטערן און איז אַוועק נישט אומקוקנדיק זיך מער הינטער זיך.

## VII

ביי דער פורטקע פון גאָרטן זענען געשטאַנען אַלע דריי פּוועסטערן.

— יעצט דרייט זיך די מאַמע אַריין אין אַ זייטיק געסל.

— אילזעביל, ווי דוכט זיך דיר, צי אַרעסטאַנטן טראָגן קייטן אויף די הענט?

— נאָר דאַמאָלט, ווען זיי זענען נישט געהאָרכזאַם.

— ס'איז מיר קאַלט.

— לאָמיר אַריינגיין אין שטוב אַריין.

— יעצט גייט די מאַמע אַריין אין די אַלעען.

— וואָס, אין די אַלעען? ווייטער, ווי אין מאַרק איז זי נאָך נישטאָ.

— די מאַמע וועט זיכער פאָרן אין אַ דראָזשקע.

— ניין, זי וועט זיכער גיין צופוס.

פון וואַנען ווייסטו?

— ווייל כ'ווייס.

פאַר לייגן זוילן אויף די שיך דאַרף מען אַ סך באַצאָלן?

— נישט זייער קיין סך. פאַרוואָס פרעגסטו דערוועגן?

— אַזוי זיך.

— הערט! דער זייגער אין ראַטהויז קלינגט שוין זעקס.
— און די מאַמע האָט נאָך נישט געגעסן קיין מיטאָג.
— כ'פאַרשטיי, אַז די מאַמע קלערט יעצט נישט דער-וועגן.
— אויפן וועג קען עס איר אָבער יאָ איינפאַלן,
— מאַרגאָט, פּרוואָס קלערסטו וועגן אַזעלכע נאַריש-קייטן?
— היינט איז זייער קאַלט.
— אַגב, צוליב וואָס שטייען מיר דאָ יעצט?
— מ'צינדט שוין יעצט אָן די לאַמטערן.
— ס'איז דאָך שוין נאַכט!
— אין תּפיסה אין פאַראַן ליכט?
— זיכער.
— אַגב, האָבן מיר דאָך געקענט נאָכגיין נאָך דער מאַ-מען און זי וואָלט גאָרנישט געוווּסט דערפון...
—ס'וואָלט אונז דען עפּעס געהאָלפן? מאַרגאָט, האָסט עפּעס לעקציעס צו מאַכן אויף מאָרגן?
— ווי זעט אויס אַ בעט אין תּפיסה?
— דאָס איז אַ מין הארטע באַנק...
— אין „פידעליאָ" גיט מען זיי אַפילו נישט קיין וואַסער.
— אַמאָל איז אַזוי געווען. אָבער היינט איז אינגאַנצן אַנדערש.
— פון היינט אָן וועל איך עסן פערדס-פלייש. ליזע זאָגט, אַז אַ פערד איז זייער אַ ריינע חיה.
— מיר וועלן טאַקע לעבן שפּאַרזאַם.
— דיין קאָלעציע מיט מאַרקעס איז ווערט אַ פּאָר טויזנט קראָן...
— כ'האָב טאַקע דערוועגן געקלערט.
— מ'וועט מסתמא באַלד אָנהויבן אויסהערן דער מאַמען.
— כ'ווייס נישט. אפשר יאָ.
— וואָס פאַר אַ קלייד טראָגט די מאַמע היינט?
— דו ווייסט נישט, מאַרגאָט, וועלכעס? דאָס שוואַרצע

מיט לילאַ אויסגעניֵיט.

יאָננע האָט אַ רוף געטון פון דערהיים:

— אילזעביל, אילזעביל. עפּעס אַ הער בעט דיך צום טעלעפאָן.

— איך גיי שוין...

זי איז אַוועק.

— פאַרנדיק קיין סטאָרסענס, פאָרט מען דורך די תפיסה?

— יענע תפיסה איז נאָר פאַר מענער.

— און וואָס טוט מען מיט די... פרויען?

— די תפיסה פאַר פרויען איז נעבן די בולווארן.

— דאָ אין שטאָט... איך פריי זיך זייער.

— דוכט זיך מיר, אַז זי האָט גוט געשון, וואָס זי האָט זיך אַליין געמאָלדן.

— עלעאָנאָרע אולפעלד איז אויך געווען אין תפיסה.

— אויב ס'געפעלט דיר, מאַרגאָט, מיין גרויסער קאַם, קענסטו אים זיך נעמען.

— פאַרוואָס איז היינט נישטאָ קיין שטערן אויפן הימל?

— ווייל דער הימל איז פאַרוואָלקנט.

— גאָט, ווי שרעקלעך קאַלט מיר איז...

— לאָמיר שנעל אַרויפגיין אַהיים.

אַ ייִנגל, וואָס צעטראָגט טעלעגראַמעס, האָט אָפּגעשטעלט זיין ראָווער און אים אָנגעשפּאַרט אינם פאַרקאַן:

— דאָ וווינט די פרוי מעטטע טראַפּ?

מאַטטעאַ האָט קוויטירט די טעלעגראַמע, זי געעפנט און דערנאָך איבערגעלייענט: „איך פאָר דורך די פּיאַדן. סימאָן״.

מאַטטעאַ האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף די שטיינערנע טרעפּ:

— צי קען מען פון דאָרטן זען דעם מילכשטרויס?

— פאַרוואָס פרעגסטו דאָס?

— דו ווייסט אַליין פאַרוואָס.

— דאָס ווענדט זיך פון וועלכע פענצטער מען קוקט אַרויס.

מאַרגאָט האָט מיטאַמאָל ברייט געעפנט די אויגן, אויסגע־צויגן די הענט פאַר זיך און אַנידערגעפאַלן גלייך מיטן פּנים אויף דער ערד.

זי האָט זיך לייכט פאַרווונדעט און ס׳איז אָפּגערונען אַ ביסל בלוט. אַ חוץ דעם, האָט זי זיך גאָרנישט געטון. ווען מ׳האָט זי אַנידערגעלייגט אויפן בעט האָט זי אַ שעפּטשע געטון:

— אַ לאַנגע נאַכט איז גאָרנישט שרעקלעך, אויב מען איז זייער מיד...

יאָננע האָט געגרייט צום טיש.

—ווען מען וואָלט דאָס איינגעפאַלן, אַז היינט איז דינסטיק; אַלץ איז דאָ איבערגעדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ און מיט די פיס אַרויף.

— היינט איז דינסטיק?

אילזעביל האָט קוים צוזאַמענגענומען די געדאַנקען:

— אויב אַזוי, וועט דאָך דער פּעטער פּרובן באַלד אַהערקומען.

מאַטטעאַ האָט איינגעגעבן מאַרגאָטן אַ מיטל צום שלאָפן און דערנאָך האָט זי צוגעהאָלפן אילזעבילן מאַכן אַן אָרדנונג אין שטוב.

— מיר דוכט זיך, אַז דעם מענטש איז אַמבעסטן דאַמאָלט, ווען ער האָט אַ שטענדיקע באַשעפטיקונג.

זי האָט זיך איינגעקוקט אין אילזעבילס פּנים.

— אויב דיר ווילט זיך וויינען, דאַרפסטו זיך נישט איינ־האַלטן צוליב מיר.

— ניין. יעצט קען איך נישט... אפשר שפּעטער.

— אילזעביל, דו געדענקסט אפשר ווי אַמאָל האָב איך זיך גאַנצע שעהען געמאַטערט איבער אַ מאַטעמאַטישע אויפגאַבע און די מאַמע האָט מיך גאָרנישט געקענט פאַרטרייבן אין בעט אַריין. דערנאָך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אינם בוך איז געווען אַ פעלער...

— טײַלמאָל דוכט זיך מיר, אַז מיר דאַרפן גאָרנישט װעלן אַלץ פאַרשטײן.
— דאַמאָלסט װאָלט געװען נאָך ערגער.
— די מעשה מיט יאָננען און ליזען איז זײער אַן אומאַנגענעמע.
— זײ מוזן זיך אָבער דערפון דערװיסן.
— און װי אַזױ דאָס דערצײלן דעם פעטער ניעלס?
— דערװײַל בין איך נישט אימשטאַנד צו קלערן װעגן קײן שום אַנדערע זאַך אױסער דער מאַמען.
— װער האָט פריער געקלונגען?
— דער הער סאָעלבערג.
— װאָס האָט ער געװאָלט?
— ער האָט געװאָלט רעדן מיט דער מאַמען. קומען צו אונז. כ׳האָב אים געענטפערט, אַז די מאַמע איז נישטאָ אין דערהײם.
— גוט.
— און מער האָסטו גאָרנישט געזאָגט?
— מאַטטעאָ!
עמעצער האָט אָנגעקלונגען.
— דער פעטער פרעבען! דו װעסט עס אים זאָגן?
— אײנע פון אונז מוז דאָך דאָס טון!
דער באַראָן איז געשטאַנען אין דער טיר און געהאַלטן אין האַנט אַ בוקעט שײנע רױזן.
— כ׳האָב אַפילו נאָך פאַר זײ נישט באַצאָלט, נאָר דאָך זענען זײ שײן. װוּ איז אײַער מאַמע?
— זעצט זיך, פעטער פרעבען, און הער אױס רויק, װאָס כ׳װעל דיר זאָגן, אויב נישט װעלן מיר נישט צוקומען צו קײן טאָלק.
— װאָס איז דאָס טײַטש? גאָט אין הימל, װאָס איז געשען?
— באַרויק זיך, פעטער. מיר מוזן יעצט אַלע זײַן רויק. די מאַמע איז נישטאָ אין דערהײם...

— ווען וועט זי צוריקקומען, דער אומפינקטלעכער מענטש?

ער איז געוואָרן טרויעריק, ווי אַ נישט צופרידן קינד.

אילזעביל איז צוגעגאַנגען נענטער און אים אָנגענומען פאַר די הענט.

— פעטער פרעבען, די מאַמע וועט נישט צוריקקומען...

די מאַמע איז... די מאַמע...

מאַטטעאַ האָט קוים אַרויסגערעדט די ווערטער:

— די מאַמע איז אין תּפיסה.

ער האָט זיך אַ ריס געטון פון אָרט.

— ביסט משוגע געוואָרן? מעטטע... אין תּפיסה?..

ער האָט אַ קוק געטון אויף איינע און דערנאָך אויף דער צווייטער.

— אָדער איר זייט משוגע געוואָרן, אָדער איר מאַכט אייך נאַרישע געלעכטערס!

נישט לאַנג האָט די מאַמע פאַרלאָזט דאָס הויז און איז אַליין אַוועק אין תּפיסה. זי האָט געפעלשט וועקסלען; זי איז, הייסט עס, באַגאַנגען אַ פאַרברעכן.

דער באַראָן האָט פעסט אָנגעכאַפּט אילזעבילן פאַר די אַקסלען און טרייסלענדיק מיט איר אויסגעשריגן:

— צי צוריק דיינע ווערטער, איך ראָט דיר, צי צוריק, תּיכף — און ער האָט זיך אַ וויג געטון, ווי אַ שיכּורער.

מאַטטעאַ איז צוגעגאַנגען נאָענט צו אים.

— מעגסט זיך שעמען, באמת! אילזעביל איז שוין סיי-ווי-סיי גענוג אומגליקלעך.

— גיט מיר עפּעס אַ טרונק, איך שטיק זיך!.. מעטטע אין תּפיסה! גאָט מיינער! מעטטע!..

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דעם טיש און געהייגט אויפן קול. זיין געוויין איז געווען ענלעך צום קרעכצן פון אַ קראַנקן הונט.

מאַטטעאַ האָט אים געבראַכט אַ גלאָז פאָרטוויין. ער האָט עס אויסגעטרונקען מיט איין מאָל.

— נאָך! — ער איז אַליין אַריינגעלאָפן אינם עס־צימער, געכאַפּט אַ קאַראַפקע וויין און זי איבערגעדרייט צום מויל.

— און איר האָט אַזוי רויק דערלויבט, אַז אייער מאַמע זאָל אַוועק פון אייך?!

— שריי נישט אַזוי, פּעטער, מאַרגאָט איז נישט געזונט.

— מאַרגאָט? ווו איז זי?

— ער איז אַריינגעלאָפן אינם שלאָפצימער פון די מיידלעך. ער האָט דערזען מאַרגאָטן, וואָס איז געלעגן מיט אַ איבערגעבונדענעם קאָפּ, אויפן טיכעלע איז געווען אַ סימן פון בלוט. דאָס האָט אים אַ ביסל באַרויקט. ער האָט זיך איבערגעבויגן איבער איר בעט.

— וועק זיך איבער, מאַרגאָט! דאָס בין איך, דער פּעטער פּרעבען! דו מוזט מיר איצט העלפן!

זי האָט קוים אויפגעהויבן די שווערע וויעס.

— לאָז מיך שלאָפן... די נאַכט איז אַ לאַנגע... אַזאַ לאַנגע...

מיטאַמאָל האָט זי זיך אַ ריס געטון און געפרעגט שטיל:

— צי זענען פאַראַן אויוונס אין די תפיסות?

איידער ער האָט באַוויזן איר צו ענטפערן, האָט זי צוריק פאַרמאַכט די אויגן און איז שווער צוריקגעפאַלן אויף די קישנס.

ער האָט זי נישט אָפּגעלאָזט. נישט קלערנדיק וועגן קיין שום זאַך, האָט ער זי איינגעוויקלט אין אַ קאָלדרע און אָנגעהויבן אַרומטראָגן, ווי אַ קליין קינד הין און צוריק איבערן צימער. ס'האָט זיך געדוכט, אַז דאָס אַרומגיין מאַכט אים גרינגער. זי האָט ווידער געעפנט די אויגן און אים אַ שעפּטשע געטון אין אויער:

— מיר טאָרן נישט וויינען. געדענק עס דיר, פּעטער פּרעבען.

אין האַלבן שלאָף האָט זי דעקלאַמירט:

„ווייל יעדער דאָרן, ווו אַ טרער רוט,
פילט אָן די טרומנע מיט טונקל בלוט"...

ער האָט זי צוריקגעלייגט אויפן בעט און איז אַריין צו די שוועסטערן.

— איך האָב זיך באמת אויפגעפירט, ווי דער לעצטער אידיאָט, נאָר יעצט בין איך שוין רויקער.

ער האָט צעקלאַפט אַ וואַזאָן אויף דער ערד.

— ווי אַזוי האָט איר געקענט איר לאָזן אַרויס פון דער שטוב? פאַרוואָס האָט איר נישט אָפגעשלאָסן אַלע טירן? נישט גערופן קיין דאָקטאָר? ווי האָט איר געקענט דערלויבן, אַז מ׳זאָל זיך מיט אייער מוטער באַגיין, ווי מיטן ערשטן בעסטן פאַרברעכער?

מאַטטעאַ האָט שאַרף געענטפערט:

— די מאַמע האָט אַליין, אַז זי איז באַגאנגען אַ פאַר-ברעכן און האָט נישט געלאָזט, אַז מיר זאָלן אַנדערש קוקן אויפן גאַנצן ענין. אויב די מאַמע איז אַליין אַוועק אין תפיסה, האָט זי געוווּסט וואָס זי טוט.

— איר נאָמען וועט מען שלעפן איבער אַלע צייטונגען. ס׳קען זיין, אַז מ׳זאָל נאָך דאָרט געבן איר בילד אויך. ווי איז אייער געפיל פון זעלבסטווירדע? איך וואָלט בעסער געוואָלט, מ׳זאָל מיר אויספאַטשן פאַר דער עפנטלעכקייט, איידער מעטטע טראַפּ זאָל אַפילו איינאיינציקע נאַכט פאַרברענגען אין תפיסה.

— פּעטער פּרעבען, אפשר וואָלט געווען גלייכער, ווען דו וואָלסט דיר אַוועקגעגאַנגען איצט פון דאַנען.

— און אפשר זאָל איך אייך זאָגן, פאַרוואָס זי האָט דאָס געטון? דאָס איז דערפאַר, וואָס אייער פּעטער פּרעבען איז אַן אויסוואורף, אַ לייכטזיניקע נישטיקע קרעאַטור... זי האָט זיך גע-מוזט ברעכן דעם קאָפּ ווי אַזוי די שטוב צו דערהאַלטן און איך בין געפאָרן אויף פערד-געיעג. אָבער זי מוז זיין פריי, אַפילו ווען כ׳זאָל אַליין מוזן אויסברעכן פונם גרויען מויער איין שטיין נאָכן אַנדערן. וויפיל געלט דאַרף מען האָבן?

— דאָס האָט אונז די מאַמע נישט געזאָגט.

— זאָל די דינסט תיכף אַהערברענגען אַ דראָזשקע. איך

פאַר שוין אין שטאָט אַריין. איך וועל היינט צוריקקומען און וועל איבערנעכטיקן ביי אייך. וואָס איז געשען מאַרגאָטן? פאַר־וואָס האָט זי אַ צעבלוטיקטן שטערן?

— זי איז געפאַלן.

— ווען וועט מען שוין ברענגען די דראָזשקע? מיר דוכט זיך, אַז מעטטע געפינט זיך צווישן שאָקאָלן.

ער האָט אַרויסגעצויגן זיין נאָטעס־ביכל און געוויזן אַ קליינע פאָטאָגראַף.

— איר האָט דאָס נאָך נישט געזען. קיינער האָט זי נאָך נישט געזען אויף דער פאָטאָגראַף. קוקט אויך צו! דאָס איז אירס אַן אויפנאַמע אין ווענעציע... אויפן לידאָ... ס'האָט זיך געדוכט, אַז די מיקן וועלן זיי צעבייסן אין יענער נאַכט... זיי האָבן אַזוי שטאַרק געביסן... אַ פולע לבנה... דער קאַנאַל גראַנד... פון די קישנס זענען געבליבן צויטן, אָבער זיי זענען געווען באַנייט מיט גאָלדענע פראַנזן. דער גאָנדאָליער וואָלט מיך דאַמאָלט מיטן גרעסטן פאַרגעניגן דערשטיקט... גיט אַ קוק, דאָס איז אייער מוטער.

— און ווו איז זי יעצט? אין תפיסה... איך דריי זיך אַרום פריי... די וועלט האָט זיך באמת איבערגעדרייט מיט די פיס אַרויף... צי וועט די דראָזשקע אַמאָל אָנקומען?

ווען ער איז שוין סוף כל סוף אַוועקגעגאַנגען, האָט מאַטטע אַ זאָג געטון:

— יעצט וואַרט אונז נאָך אַ געשפּרעך מיטן פעטער ניעלס און מיטן קאַפּיטאַן קעלפּ...

— נו, דאָס איז שוין דאָס לייכטסטע. אָבער גיט נאָר אַ קלער, מיר זענען דאָך יעדן טאָג געווען צוזאַמען מיט דער מאַמען און מיר האָבן גאָרנישט באַמערקט!

— אילזעביל, צי דו האָסט זיך אויך קיינמאָל נישט משער געווען?

אילזעביל האָט זיך פאַרשטעלט די אויגן מיט דער האַנט.

— ס'איז מאָדנע, פאַרוואָס דו פרעגסט דווקא מיך דער־

װעגן... יאָ, טײַלמאָל... װען די מאַמע פּלעגט אונז אױסמײַדן... נאָר מיר האָט זיך אױסגעדוכט, אַז דאָס איז דער, װאָס זי...

— אילזעביל, מיר טאָרן דערװעגן נישט רעדן אַפילו דאַמאָלט, װען מיר זענען אַלײן...

— די מאַמע האָט געדאַרפט נעמען מיט זיך כאָטש אַ נאַכט-העמד און אַנדערע קלײניקײטן, אמת?

— די מאַמע האָט מיט זיך מיטגענומען דעם בײַטל פון קראָקאָדילן-פעל.

— אינטערעסאַנט, צי דער פעטער ניעלס װעט זיך אױך אַזױ האַלטן.

— װוּ קומט עס! דער פעטער ניעלס איז דאָך שטענדיק אַזױ אײַנגעהאַלטן. אפשר װעסטו אים בעסער אָנקלינגען... ער זאָל זיך אַמאָל נישט דערװיסן װעגן דעם אַלעמען פון די צײַטונגען...

— איך װעל ליבערשט אים אָנשרײַבן. איך בין נישט בכוח אים דאָס צו דערצײלן.

—שרײַב אָן, איך װעל אַרײַנװאַרפן דעם בריװ אין קעסטל אַרײַן.

— אַ דאַנק דיר. דו װײסט, איך האָב ערשט דעם הײַנטיקן טאָג פאַרשטאַנען, פאַרװאָס מענטשן אײַלן זיך אַזױ שנעל בײַ לװיות. זײ װילן פּשוט נישט האָבן קײן צײַט צום קלערן.

— יאָננע און ליזע זענען שטאַרק פאַרזאָרגט, װאָס מיר באַהאַלטן פאַר זײ די סיבה, צוליב װעלכער מיר האָבן נאָך הײַנט נישט געגעסן קײן מיטאָג.

— אפשר זאָלן מיר פּרוּװן עפּעס עסן?

— איך בין הונגעריק, שטאַרק הונגעריק!

— נו, מיר קענען אָנקלינגען.

יאָננע האָט אַרײַנגעטראָגן דאָס עסן מיט אַ שטאַרק באַלײדיקטע און ברוגזע מינע.

אילזעביל האָט אַ זאָג געטון:

— װען מיר װעלן אָפּעסן, װעלן מיר צו אײַך אַרײַנגײן

און אײַך עפּעס דערציילן.

מאַטטעאַ האָט אָנגעהויבן עפּעס עסן, נאָר אילזעבילן איז נישט גוט געוואָרן און זי דהאָט געמוזט אַוועקגיין פון טיש.

— איך אַליין וועל אײַך שוין דערציילן וועגן אַלעם. איך זע דאָך, אַז דו פילסט זיך שלעכט.

פונדעסטוועגן זענען זיי ביידע אַראָפּ צו די דינסט-מיידלעך.

מאַטטעאַ האָט אָנגעהויבן.

— ליזע, דו געדענקסט אפשר, ווען דו האָסט זיך אָפּ-געבריט דעם פוס און מיר אַלע האָבן אָנגעהויבן צו וויינען, האָסטו אונז געזאָגט, אַז אויב דו ביסט בכוח אויסצוהאַלטן די ווייטיק, מוזן מיר אויך געפינען כוח זיך צו באַהערשן און נישט וויינען. געדענקסט? און ווער איז געלאָפן מיט מאַרגאָטן צום דאָקטאָר, ווען זי האָט זיך אַריינגענומען די שידלקע אין האַנט אַריין? דו האָסט געוואָלט איינבערענגען צרות דער מאַמען. און אַלגעמיין קענען מיר ווייניק מענטשן, נאָר אײַך, ליזע און יאַנגע רעכענען מיר פאַר אונזערע נאָענטסטע פריינט. איר האָט אַלע-מאָל געזאָגט, אַז איר זייט גרייט צו שפּרינגען אין פייער אַריין צוליב דער מאַמען. אַלזאָ יעצט...

זי האָט אַ שלונג געטון שפּייעכץ, איידער זי האָט גע-קענט רעדן ווייטער:

— מיר זענען יעצט אַזוי שטאַרק פאַראָרימט געוואָרן, אַז איר קענט נישט לענגער פאַרבלייבן ביי אונז... וואַרט אַ ווײַלע, איך וועל אײַך נאָך עפּעס זאָגן, מיר דאַנקען אײַך פאַר אייער רויִקער האַלטונג, דאָס גיט אונז צו מוט. פאַרשטייט, אַז די מאַמע האָט אָפּגעטון עפּעס שלעכטס... זי האָט אויסגעגעבן פרעמד געלט און יעצט איז זי אַליין אַוועק אין תפיסה אַריין...

מאַטטעאַ האָט גערעדט וואָסאַמאָל שטילער:

— מיר וועלן פאַר אײַך קיין זאַך נישט באַהאַלטן. איר קענט וועגן יעדער זאַך פרעגן. אויב איר האָט אונז אָבער כאָטש

אַ ביסל ליב, וואָרט צו ביז מאָרגן, מיר האָבן שוין דעם היינ־טיקן טאָג אַזויפיל איבערגעלעבט, אַז מיר קענען נישט מער...

ליזע און יאָננע האָבן געוויינט.

מאַטטעאַ האָט זיך געזעצט שרייבן דעם בריוו.

ליבער פעטער ניעלס!

דו וועסט זיכער נישט קענען גלויבן אין די אַלע ווערטער, וואָס איך וועל דיר יעצט שרייבן, איך פאַרזיכער דיך פאָרויס, אַז איך זאָג דעם גאַנצן אמת. דו אַליין ביסט אַן אַדוואָקאַט און איך וועל דיר גאָרנישט דאַרפן אויסטייטשן. אַ חוץ דעם, ווייס איך אַליין אויך גאַנץ ווייניק. אויף קיין שום זאַך איז נישט געווען קיין צייט און די מאַמע איז שוין פינף אַ זייגער אַוועקגעגאַנגען. ניעלס, דאָס גרעסטע אומגליק געשעט דאַמאָלט, ווען אַ מענטש, וואָס מיר האָבן אים ליב, שטאַרבט אָפּ. אמת, דאָס איז דאָס שרעקלעכסטע, נאָר נישט ווייניקער פיינלעך איז דער פאַקט, ווען דער מענטש גיט זיך אַליין איבער אין די הענט פון דער געוועלטיקייט און גייט אַוועק אין תפיסה. פינף אַ זייגער איז די מאַמע דאָרט אַהינגעגאַנגען. פאַר אָפּנאַרן און פעלטשן. אַגב, פאַרשטיי איך נישט דעם אונטערשיד צווישן די צוויי באַגריפן.

דו וועסט אפשר האַלטן מיך פאַר אַן עגאָיסטקע, אויב כ׳וועל דיך עפּעס בעטן. ווען דו וואָלסט אָבער געווען אויף מיין אָרט, וואָלסטו מיך פאַרשטאַנען. עס גייט מיר דאָ נישט וועגן מיר, נאָר וועגן מיינע שוועסטערן. אויב דו וועסט זיך נישט קענען באַהערשן, קום נישט היינט צו אונז. אילזעביל און איך, טוען אַלץ, כדי זיך צו באַהערשן. דאָס איז דאָס איינציקע, וואָס מיר קענען טון פאַר דער מאַמען. מיר וואָלטן אָבער זייער שטאַרק געוואָלט דיך זען (איך שרייב דיר דעם גאַנצן אמת). דו ביסט אַזאַ אויפריכטיקער און האַנדלסט אַזוי טאַקטיש מיט מענטשן, אַז וועסט אונז זיכער קענען געבן אַן עצה, וואָס מיר זאָלן טון.

גלויב מיר, פעטער ניעלס, אַז מיט חרפה און שרעק קלער איך דערוועגן, אַז מ׳וועט זיך וועגן אַלעמען צעשרייבן אין די

ציימונגען. מיר זענען געווען אזוי שטאָלץ פון אונזער מאַמען און יעצט ווערט מען זי באַשמוצן. אויב די ציימונגען זאָלן שרייבן וועגן איר, איז עס פונקט אַזוי, ווי מ׳זאָל אויף איר טייטלען מיט די פינגער.

אַגב האָב איך געדאַרפט צופאָרן אין שטאָט און דיר דאָס אַלץ מינדלעך איבערגעבן; איך בין אָבער נישט פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר זיך. אַ חוץ דעם, ווייל איך נישט לאָזן אילזע־בילן אַליין אין שטוב. איך ווייס, אַז דאָס איז מיאוס צו באַשולדיקן יענעם, נאָר די מאַמעס פאָטער איז געווען אַ נישטי־קער מענטש, הגם ער איז געווען אַ באַוווסטער מוזיקער. דער־נאָך ירשנט מען די חסרונות, בשעת מען איז אַליין אינגאַנצן אומשולדיק.

איך וואָלט זייער וועלן, פעטער ניעלס, דו זאָלסט אונז זאָגן, אַז קיין בעסערע מאַמע, ווי אונזערע איז גאָרנישט פאַראַן אויף דער וועלט.

איך דערוואַרט דיך און קום צוגיין אויף מיטאָג, ווי אַלעמאָל.

איך גריס דיך האַרציק
דיין מאַטטעאַ

פּ. ס. מאַרגאָטן דערצייל נישט קיין וואָרט.

זי האָט אַליין אַוועקגעטראָגן דעם בריוו אויף דער פּאָסט. זי האָט קוים באַוויזן אים צו באַלייגן, ווייל מ׳האָט שוין צו־געמאַכט די פּאָסט. ווען זי איז צוריקגעגאַנגען, איז דער פעטער פרעבען פונקט אַרויסגעשפּרונגען פון אויטאָ און דער שאָפער האָט ביי אים געמאָנט געלט.

פרעבען האָט זיך אַ וואָרף געטון אויף דער קאַנאַפּע און געוואָרפן מיט די הענט און פיס, ווי מאַרגאָט, ווען מ׳האָט איר נישט געוואָלט עפּעס צוליב טון.

— וואָס קלערן זיי מיט זיך, די אויסוואורפן? אידיאָטן, אייזלען פאַרפאַלענע! יעצט קען מען זיך מיט קיינעם נישט ווען! און זיי האָבן מיר נאָך געהייסן צאָלן שטראָף דערפאַר, וואָס איך האָב זיי אָנגעזידלט! כ׳מאַך מיר דאָרט אַ סך פון זייערע

רייד! זאָלן זיי מיך באַשטראָפן ווי נאָר זיי ווילן. ס׳איז נאָר אַ שאָד, וואָס איך האָב נישט געהאַט מיין שפּיצרוט אונטער דער האַנט.

— האָסטו, הייסט עס, נישט געזען דער מאַמען?

— כ׳האָב זי געזען! איר שטעלט זיך דען פאָר, אַז כ׳וואָלט צוריקקומען אָהער אָן איר?

אילזעביל האָט זיך אָנגערופן מיט אַ פאַרמאַטערט קול:

— פעטער פּרעבען, זע, באַהערש זיך אַ ביסל און לאָמיר איבערגיין אין עס-צימער. ליזע האָט היינט אָפּגעבראָטן קורטשאַקעס.

— און איר קלערט, אַז איך קען עסן קורטשאַקעס, ווען אייער מאַמע זיצט צווישן די אויסוואורפן?

— יאָ, דו קענסט, און אויב נישט, בעט איך דיך, זאָלסט תיכּף פאָרן אַהיים.

— איר זייט באמת גאָרנישט ווערט!.. ווען איר פאָדערט אָבער אומבאַדינגט, טאָ, אָמיר צוגיין צום טיש...

די שוועסטערן האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיטן בליק און אַלע זענען אריין אין עס-צימער.

---

אַפילו אין משך פון די פּאָר טעג אורלויב קען מען נישט געפינען קיין מנוחה!

דער ריכטער מאָנס ביערינג איז געפאָרן אויף זיין חברס החתונה קיין סאָלאַנד. מ׳האָט אים איינגעלאַדן צו האַלטן דאָרט אַ באַגריסונגס-רעדע און ר׳איז גערן באַשטאַנען. ווען ער האָט נאָר וואָס געענדיקט האָט מען אים שוין גערופן צום טעלעפאָן. אַ גליק, וואָס מען האָט אים נישט איבערגעריסן די באַגריסונג. דאָס נייעס, וואָס ער האָט זיך דערוווסט, האָט געמאַכט אויף אים אַ גרויסן רושם. דער ווײַן האָט אים מער נישט געשמעקט און דאָס געשפּרעך מיט דער דאַמע, וואָס ער האָט געפירט ציזי טיש, איז לער נישט געגאַנגען. די חתונה-שטימונג איז אינגאַנצן אַוועק.

די פרוי איז דאָך נישט קיין היסטערישע און נישט קיין

משוגענע. דעריבער האָבן דאָך אירע רייד אַ געוויסן ווערט און זיי זענען אמת! מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט דער ריכטער ביערינג געטראָפן די פרוי טראַפּ ביי זיינעם אַ קאָ-לעגע טאָמאַס סאָעלבערג. ער האָט זי דאַמאָלט געפירט צום טיש און זי האָט אויף אים געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. שוין גאָר לאַנג, ווי ער האָט נישט געטראָפן אַזאַ קלוגע, אויפריכטיקע און גלייכצייטיק וווּנדערבאַרע פרוי, זי האָט געכישופט מיט דער בליציקייט פון איר געדאַנק און זי איז געווען דערביי אומגע-הויער ווייבלעך.

לויט די ביז-איצטיקע דערקלערונגען האָט זיך אַרויסגע-וויזן, אַז די שווינדלערייען זענען שוין אָפּגעטון געוואָרן אין משך פון אַ פּאָר יאָר. זיי זענען געווען דורכגעפירט סיסטעמאַ-טיש און דעריבער האָט מען זיי נישט געקענט צושרייבן קיין איינגעבוירענער לייכטזיניקייט.

דעם ריכטער מאַנס ביערינג איז צוגעטיילט געוואָרן די ראָלע פון משפטן די ראַפינירטע שווינדלערין, וואָס האָט ביז איצט פאַרנומען אַזאַ פאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן. עס האָט אים אימפּאָנירט די אויסערגעוויינלעכע סיטואַציע.

ווען ער איז אויסגעשטיגן פון דער באַן אין קאָפּענהאַגן האָט ער שוין געהאַט באַוויזן צו באַהערשן זיין פריערדיקע שלעכטע שטימונג. איידער ער האָט נאָך איבערגעטרעטן די שוועל פון זיין פּרעכטיק איינגעאָרדנטער גאַרסאָניערע, האָט אים דער בריוווטרעגער דערלאַנגט אַ בריוו, וואָס האָט אים שטאַרק פאַרוווּנדערט. דאָס האָט ער זיך אַמווייניקסטן געריכט. מ׳האָט געדאַרפט האָבן זייער אַ סך מוט און זיין פאַרליבט איבער די אויערן, כּדי צו קענען אָנשרייבן אַזאַ בריוו. נאָך דערצו אַזאַ איינגעהאַלטענער מענטש, ווי דער קאַמעריונקער פאָן ספּאַדע. אַגב איז דאָס געווען אַ פּריוואַטע זאַך פון דעם, וואָס האָט דאָס געשריבן און אַזוי ווי ער האָט איבערגעשיקט דעם בריוו אַהיים, האָט מען געקענט זיין זיכער מיט פולקאָמער דיסקרעציע.

אייגנטלעך וואָלט ער באַדאַרפט תּיכּף אָנקלינגען צום הער סאָעלבערג און נעמען ביי אים טייל אינפאָרמאַציעס, לויט וועל-

בער ער וואָלט געוווּסט, ווי אַזוי זיך צו האַלטן בנוגע דער אַרעסטירטער. דער געדאַנק, וועגן דעם נישט-לאַנג פאַרבראַכטן בשותפותדיקן אויגנס, האָט אים צוגענומען יעדע מוט דערצו. צו-מאָרגנס אינדערפרי, כדי זיך צוצוגעבן מוט, האָט ער אויסגע-טרונקען אַ גיעזעלע אַלטן קאָניאַק. ער פלעגט דאָס טון נאָר אין די פאַלן, ווען ס'פלעגט אים אויסקומען פאַרשן זייער ראַ-פינירטע פאַרברעכער.

אָנקומענדיק אין געריכט האָט ער זיך גלייך גענומען צום לייענען די אָנגעקומענע פּאָסט. ער האָט גלייכגילטיק דורכגע-קוקט די בריוו — מיטאַמאָל האָט ער איבערגעריבן די אויגן פון שטוינונג.

— צי האָט ער באמת נישט קיין טעות.

ער האָט איבערגעלייענט דעם בריוו צום צווייטן מאָל. ער האָט זיך האַרציק צעלאַכט. מ'קען עס קוים גלויבן! ס'איז אומדערהערט! נו, אַגב, פאַרוואָס נישט? זי האָט גרויסמוטיק געטיילט אירע לאַסקעס! ער האָט אַרויסגענומען פון דער קע-שענע דעם בריוו פון קאמעריונקער און אים פאַרגליַיכט מיטן פאָריקן בריוו. ס'איז פשוט אַן אָפּערעטקע! זאָל עס אפשר זיין אַ מיספאַרשטענדניש? און אפשר האָט די פרוי גלייכצייטיק גע-פלירטעוועט מיט ביידע? אויב אַזוי, האָבן אים מער נישט גע-וווּנדערט די פאַרברעכנס, וואָס זי איז באַגאַנגען.

אָבער וואָס פאַראַ שטעלונג דאַרף ער פאַרנעמען לגבי דעם כמעט אידענטישן אינהאַלט פון די ביידע בריוו פון צוויי מענער, וואָס האָבן זיך שוין פריער געקענט, און אויב נישט, וועלן זיי זיך יעצט באַקענען. איין בריוו קען מען האַלטן פאַר אַ פּריוואַטן און דעם צווייטן זאָל ער אפשר באַלייגן דעם גע-ריכט? ניין, דאָס קען נאָר קאָמפּליצירן דעם ענין. און ווי אַזוי זאָל מען צווויסן געבן דער פרוי טראָפּ וועגן דעם פאַר-האַלטענעם בריוו? אַ ניי רעטעניש! עטלעכע בריוו האָט ער אַוועקגעשיקט צום קאָפּירן. ער האָט עס געדאַרפט צו זיין איי-גענעם אַרכיוו, פון וועלכן ער איז געווען זייער שטאָלץ. צוליב ספּאָרט וועגן האָט ער געזאַמלט פאַרשידענע דאָקומענטן פון

מענטשלעכע ליידן. אזוי ארום האָט ער אין משך פון אַ לענגערע צייט צוזאַמענגענומען אַ גרויסן און אינטערעסאַנטן מאַטעריאַל. ער האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן פּלאַן אַמאָל אָנצושרייבן אַ גרויס ווערק וועגן דער פּסיכאָלאָגיע פון פאַרברעכער און זייער סביבה.

היינט אינדערפרי האָט ער פאַרגרעסערט זיין קאָלעקציע מיט איין בריוו, וואָס איז איבערגעשיקט געוואָרן דורך אַן אַל־טער פרוי, וואָס איז שוין עטלעכע מאָל געווען באַשטראָפט פאַר בעטלען. דאָסמאָל האָט זי זיך געשווירן, ווי גאָט איז איר עדות, אַז זי וועט אַוועקגעבן דאָס גאַנצע אויסגעבעטלטע געלט דער־פאַר, וואָס מ׳וועט אַרויסלאָזן איר זון פון תפיסה. ער זאָל האָבן שטאַרק געשלאָגן און באַגנבעט אַ פּראָסטיטוטקע.

עס איז געבליבן נאָר איין בריוו, וואָס איז אַראָפּגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע, דער ריכטער האָט אים אויפגעהויבן און ווי נאָר ער האָט איבערגעלייענט די ערשטע פּאָר זאַצן, האָט ער זיך אַ ריס געטון פונם פּאָטעל און ווי אַן אָפּגעבריטער אָנגעהויבן צולויפן איבערן צימער אַהין און צוריק. מיט איין מאָל האָט ער אויסגעטרונקען אַ גלאָז וואַסער און זיך איינגע־קוקט אינם דנאָ פון גלאָז, ווי ער וואָלט געוואָלט דאָרטן גע־פונען אַן ענטפער פאַר דער שווערער אויפגאַבע. ער האָט אַ וויש געטון די אויגן, ווייל ס׳האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז ער חלומט, און אפשר האָבן אים די חברים אָפּגעטון אַ שטיקל? אָבער ניין, ער דערקענט דאָך גענוי דעם קאַליגראַפישן האַנט־שריפט פון קאמעריונקער, וואָס ער קען אים נאָך פון די שול־צייטן. אויב דאָס איז נישט געווען קיין שפּיצל מצד די חברים, האָט מען דעם פאַקט געקענט צורעכענען צו יענע נסים, וואָס טרעפן זיך זעלטן ווען אין לעבן.

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט אָן דער שטול און האָט אָנגע־הויבן קלערן.

אפשר וואָלט ווערט געווען, נישט קוקנדיק אויפן געזעץ, פאַרהערן די פרוי מעטטע דאָ אָן עדות? אמת, דאָס איז נישט אין דער הסכמה מיטן געזעץ, אָבער בשעת אַזאַ נישט־

אָפּיציעלער אויספאָרשונג קען מען זיך דערוויסן פיל אינטערע־סאַנטע פּרטים. אַגב, דאַרף מען אַזעלכע זאַכן נישט טון. ס׳איז אַלעמאָל בעסער, אויב דער אַרעסטירטער ווייסט נישט, ווער עס וועט אים משפּטן.

מאָנס ביערינג האָט אַ קלונג געטון אויפן לאָקיי און אים באַפוילן:

— ביטע גוט אַכטונג צו געבן: „אַן אויספאָרשונג אָן קיינע עדות און אָן קיין שום פּראָטאָקאָל״. דער לאָקיי האָט זיך אַ נייג געטון און זיין פּנים האָט אַפילו דעם מינדסטן ציטער נישט געטון.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז די פרוי טראַפּ אַריינגעקומען אינם צימער, עסקאָרטירט פון צוויי תפיסה־שומרים. אויפן גע־געבענעם צייכן האָבן זיי תיכּף פאַרלאָזן דאָס צימער.

די פרוי טראַפּ איז מיט אַ שמייכל צוגעגאַנגען צום ריכטער. זי האָט געמאַכט אַן איינדרוק פון אַ פיינער באַלע־באָסטע פון שטוב, וואָס אַנטשולדיקט זיך פאַרן גאַסט, וואָס האָט לאַנג געוואַרט. דער ריכטער האָט זיך אַ נויג געטון אַ צעמיש־טער. די אָפּיציעלע ווערטער, וואָס ער האָט צוגעגרייט נאָך פון פריער, זענען אים אַרויס פון קאָפּ. ער האָט אַ זאָג געטון:

— אַזוי ווי מיר זענען יעצט אַליין, מוזן מיר זיך אָפּ־רעדן: איר קענט מיך נישט און האָט מיך קיינמאָל פריער נישט געקענט. אין דעם פאַל וועט דאָס זיין גינסטיקער פאַר אייך.

די פרוי מעטטע האָט זיך אומגעקוקט נאָך אַ שטול. דער ריכטער איז געווען פשוט פאַרהיפּנאָטיזירט מיט איר פרייער האַלטונג. ער האָט זיך אַ הויב געטון פון אָרט און איר אונ־טערגערוקט זיין אייגענע שטול.

— די גנעדיקע פרוי שטעלט זיך גאָרנישט פאָר, ווי שטאַרק איבערראַשט איך בין געוואָרן מיט דעם אַלעמען...

זי האָט אים שטרענג אַ קוק געטון אין די אויגן.

— איך בין אַהערגעקומען, כּדי מ׳זאָל מיך אויספרעגן און איך זאָל ענטפערן.

זי איז שטייף געזעסן אויף דער שטול, איר פנים האָט אויסגעדרוקט אַ שרעקלעכע מידקייט, די האָר האָבן נישט גע־האַט דעם אַמאָליקן גלאַנץ. אויסערדעם האָט מען אויף איר נישט אָנגעזען קיין שום דערשלאָגנקייט.

דער ריכטער האָט געזאָגט צעטומלט:

— עס איז מיר אויסערגעוויינלעך אומאַנגענעם, נאָר איר פאַרשטייט...

— אַוודאי, לאָמיר טאַקע אָנהויבן!

אירע אומרויִק ציטערנדיקע ברעמען האָבן אים געערגט. ער האָט קאַלט אַ פרעג געטון:

— צי איז אייך באַקאַנט דער פאַרוואַלטער פון מיניסטער־יום, העער ניעלס פאַן ספּאַדע?

די פרוי מעטטע האָט פאַרוואונדערט אָנגעקוקט דעם ריכ־טער און אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ אויף יאָ.

איך האָב דערהאַלטן פון אים אַ בריוו און האַלט פאַר מיין חוב אייך צו באַקענען מיט זיין אינהאַלט.

די פרוי מעטטע האָט אפילו נישט קיין ציטער געטון. דער ריכטער האָט געפרעגט:

— איר וועט דערלויבן, איך זאָל אים אייך איבער־לייענען?

— אויב איר האַלט עס פאַר פּאַסיק, ביטע זייער.

— איך לאָז דורך דעם אַריינפיר און כ׳גיי צו צום ענין.

דער העער פאַן ספּאַדע שרייבט:

— די גרויס פון דער סומע איז מיר נאָך נישט באַקאַנט. נאָר איך קלער, אַז זי איז נישט גרעסער פון צווייהונדערט טויזנט קראָן. פאַר אָט דער סומע בין איך פאַראַנטוואָרטלעך מיט מיין קאַפּיטאַל און טיילוויִז מיט די אומבאַוועגלעכע גיטער, וואָס איך פאַרמאָג. איך וואָלט בעסער וועלן באַקומען אַ טערמין פון עטלעכע וואָכן, נאָר אויב דאָס איז נויטיק, בין איך גרייט צו באַלייגן דאָס געלט אין משך פון 48 שעה.

עס גייט דאָ וועגן מיין צוקונפטיקע פרוי, די מוטער פון מיין קינד. דעריבער פאַרשטייט איר אַליין, וואָס פאַר אַ וויכטי־

קער ענין דאָס איז פאַר מיר, און ווי שטאַרק איך בין פאַר־אינטערעסירט צו דערליידיקן דאָס אַלץ אויף אַ דיסקרעטן אופן. פאַר וואָס איך וואָלט אייך געווען שטאַרק דאַנקבאַר. אויב דער הער ריכטער וואָלט געוואָלט זיך מיט מיר פאַרזענלעך פאַר־שטענדיקן, בין איך אויסער די ביוראָ־שעהען שטענדיק צו זייד דיספּאָזיציע.

כ׳האָף, אַז נאָכדעם, ווי דער הער ריכטער האָט זיך באַ־קענט מיטן גאַנצן ענין, האָט ער אָנערקענט, אַז דאָ גייט נישט וועגן אַ פּשוטן שווינדל, נאָר וועגן קאָנסעקווענצן פון לייכט־זיניקייט און קנאַפּע דערפאַרונג פון אַ פרוי אין פינאַנס־עסקים. די פרוי טראַפּ האָט אין משך פון די לעצטע פאַר וואָכן אַרויס־געוויזן אַ שטאַרקע אויפגערעגטקייט און ס׳איז וואַרשיינלעך, אַז אַ פּאָר חדשים אָפּרו אין אַ סאַנאַטאָריום פון נערוון־קראַנקע וועט זיין די בעסטע אויפלעזונג פון דעם ענין.

איך וועל זיך פילן אומגעהויער פאַרפליכטעט דעם חשובן הער פאַר דער הילף אין דער אַזוי וויכטיקער פאַר מיר פראַגע.

איך פאַרבלייב מיט אמתן דרך־ארץ

נ י ע ל ס פ אָ ן ס פ אַ ד ע.

די פרוי מעטטע האָט באַקוקט אירע הענט. נאָך אַ פּויזע האָט דער ריכטער געפרעגט:

— איר וואָלט אפשר געוואָלט עפּעס זאָגן דערוועגן.

— דער בריוו איז געשריבן געוואָרן צו אייך און איך בין נישט מחויב צו ענטפערן אויף אים. יעדנפאַלס וואָלט איך אייך געבעטן איבערצוגעבן דעם הער קאָמעריונקער, אַז מיינע נערוון זענען אינגאַנצן געזונט און איך דאַרף נישט קיין שום קוראַציע און קיין סאַנאַטאָריום. איך זאָג זיך אויך אָפּ פון זייב פריינדלעכער הילף.

— אויף וויפיל איך האָב געלייענט אין זיינע בריוו, איז דער הער פאָן ספּאַדע אייער צוקונפטיקער מאַן?

— איך ווייס גאָרנישט דערוועגן. איך וואָלט אייך גע־בעטן דעם בריוו נישט נעמען אין אכט.

ער האָט זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט די לעצטע ווערטער נישט דערהערט און געפרעגט:

— די גנעדיקע פרוי קען דעם הער באַראָן גראַא פון סאַפּילונד?

זי האָט אַ שאָקל געטון דעם קאָפּ אויף יאָ.

— דערדאָזיקער הער האָט מיר אויך צוגעשיקט אַ בריוו, וואָס כ׳וועל מיר דערלויבן אייך איבערצולייענען.

מעטטען האָט דאָס בלוט אַ שלאָג געטון אין קאָפּ אַריין.

— איך הער.

— דער באַראָן שרייבט:

...מען האָט מיר געזאָגט, אַז דעם חשובן הער האָט מען איבערגעגעבן די אויספאָרשונג פון דער באַשולדיקטער. ביטע ווי אַמשנעלסטן דאָס אָפּלאָזן. ווי ס׳איז אייך באַוווסט, אַז סאַ-פּילונד אַן אָרדינאַציע און קען נישט ווערן פאַרקויפט, דערי-בער האָב איך מער חובות, ווי האָר אויפן קאָפּ. פונדעסטוועגן וועל איך שוין ערגעץ פּאַקן די נויטיקע סומע. איר וועט זיך מסתמא אַ פרעג טון, וואָס צום טייוול, גייט דאָס מיר אַלץ אָן? איר וועט זיך אָבער אויפהערן וווּנדערן, ווען כ׳וועל אייך זאָגן אַז די פרוי מעטטע איז די איינציקע פרוי, וואָס כ׳האָב ווען עס איז אין לעבן אמתדיק ליב געהאַט. איך האָב מיט איר גע-האַט אַ קינד און וועל יעצט מאַכן אַלע שריט דערצו, אַז אונ-זער פאַרבינדונג זאָל ווערן געזעצלעך. אגב, מוז איך אייך מודיע זיין, אַז איך בין גרייט יעדערן אַפילו אייך, אויסהאַקן אַלע ציין, אויב מ׳זאָל וואַגן מיט עפּעס צו באַליידיקן די פרוי טראַפּ. ווען איר וואָלט זי געקאָנט, וואָלט איר תיכף איינגעזען, אַז דער גאַנצער ענין באַשטייט אין עפּעס אַ פאַרשאָלטענע מיספאַרשטענדניש און איר וואָלט זיך באַצויגן צו איר מיטן גרעסטן דרך ארץ. פאַר מיינע געיעג-פערד און סטראַדיוויאָרוסן קען איך שוין אָפּנעמען געלט, אויסערדעם האָב איך אין שוועדן זייער אַ רייכע מומע און ס׳איז גענוג כ׳זאָל זיך איר איינאיינ-ציק מאָל אַ וואָרף טון צו די פיס, וועל איך אַרויסבאַקומען די נויטיקע סומע.

אגב, האָב איך זיך געקענט ווענדן גלייך צום הער סאָ־עלבערג, נאָר צוליב דער גאַנצקייט פון זיינע ביינער, האָב איך רעזיגנירט דערפון. דאָס פאַרברענגען פון מיין צוקונפטיקע פרוי מיט הערן פון זיין ספערע האָט מיך אַלעמאָל אָנגעפילט מיט עקל. אָט דאָס זענען די קאָנסעקווענצן פון אַזאַ מין באַקאַנט־שאַפט! יאָ, אַגב, האָב איך נאָך דריי מומעס אין האָלשטיין נאָר זיי צייכענען זיך אויס מיט אַזאַ געזונט, אַז זיי קענען זיין פאַרשריבן קוים אויפן דריטן נומער פון כיפאָטעק.

איך בעט אייך זייער, איר זאָלט אַכטונג געבן, אַז מען זאָל דאָרט גוט באַהאַנדלען די פרוי טראַפּ און מיטן געהעריקן דרך ארץ. איך האָב געהערט, אַז אינם אַרעסט זענען פאַראַן ווערים. מען קען בשום אופן נישט אויסשטעלן קיין פרוי אויף עפּעס אַזעלכעס! איר זאָלט זיך פאַרנעמען דערמיט. גיט איר איבער, אַז די מאַמע באַשטייט, אַז כ׳וואָלט זיך געלאָזן, מיט פאַרגעניגן, אויפהענגען פאַר איר און כ׳וועל זיך באַמיען די מיידלעך זאָלן פאַרברענגען די צייט וואָס דערטרעגלעכער.

אויב מיין בריוו צייכנט זיך נישט אויס מיט קיין ספּע־ציעל באַהערשטע פאָרם, בעט איך ביי אייך אַנטשולדיקונג. דאָס איז דערפאַר. וואָס איך בין נישט געוווינט צו שרייבן קיין בריוו. מיט אַכטונג

פּרעבען גראַאַ.

די פרוי מעטטע איז געזעסן מיט פאַרמאַכטע אויגן. עס האָט זיך געדוכט, אַז זי שלאָפט. נאָר איר מויל האָט שטאַרק געציטערט.

— אַנטשולדיקט מיר זייער, נאָר איך האָב נאָר אייך גע־נוי איבערגעלייענט דעם אינהאַלט פונם בריוו.

זי האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— פּרעבען איז דער בעסטער, דער פיינסטער מענטש אויף דער וועלט, נאָר ער איז אַבסאָלוט נישט פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר זיינע מעשים.

— צי קען איך פון אייערע ווערטער עפּעס דרינגען? מיר דוכט זיך, אַז ער איז דער מענטש, וואָס איר האָט ליב און

האָט ב״עה צו בלייבן זיין פרוי? איך פרעג דאָס נישט צוליב נייגיריקייט...

— איר האָט רעכט מיך צו פאָרשן. איך פארזיכער אייך אָבער, אַז כדי אָפּצוטון אַזאַ שגעון, ווי חתונה האָבן מיט פרע־בען גראַא, בין איך נאָך נישט פעיִק. איך האַלט, אַז דער ענט־פער איז געגוג אַ דייטלעכער?

דער ריכטער ביערינג וואָלט אַ סך אַוועקגעגעבן, כדי זיך צו באַפרייען פון דער דאָזיקער אומאַנגענעמער סיטואַציע.

ער האָט אַ הויב געטון מיט די אַקסלען.

— ליידער, בין איך געצוווּנגען אייך צו באַאומרויִקן מיט נאָך אַ בריוו.

די פרוי מעטטע האָט זיך קינסטלעך צעלאַכט.

— אָבער שוין נישט פון אַזאַ אינהאַלט?

— פאַרקערט, זייער ענלעך.

— איר וואָלט נישט געקענט דאָס מיר איינבערענגען?

— איך האָב דאָס שוין געטון דערמיט, וואָס כ׳האָב נישט קוקנדיק אויפן געזעץ, וואָס דערלויבט דאָס נישט, אייך גערופן צו זיך. נאָר אויב דאָס פאַרשאַפט אייך אַזוי פיל אומאַנגענעמ־לעכקייט...

ער האָט איר דערלאַנגט דעם דריטן בריוו.

זי האָט רויִק געענטפערט:

— לייענט, ביטע!

ער האָט אָנגעהויבן:

חשובער הער אויספאָרשונג־ריכטער! איך הייס סימאָן קעלפּ און בין דער קאַפּיטאַן פון דאַמף־שיף בריטאַניאַ, אַ געוויסע מעטטע טראַפּ איז אַרעסטירט געוואָרן פאַר שווינדלעריי און שאַנטאַזש. גאָט איז אַן עדות, אַז די פרוי איז מיין ווייב און איך האָף, אַז אין קורצן וועט זי אויך פאַר מענטשן זיין מיין פרוי. יעדער פיינער מאַן איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די חובות פון זיין פרוי. דערמיט דערקלער איך, אַז איך בין פאַראַנט־וואָרטלעך פאַר דער פרוי טראַפּ מיט מיין גאַנצן פאַרמעגן, מיין נאָמען און טייל, וואָס כ׳האָב אין דער שיף. די אויבנדערמאָנ־

טע פרוי, האָב איך אין גאָר יונגע יאָרן אומגליקלעך געמאַכט דערמיט, וואָס כ׳האָב זי באַשאָנקען מיט אַ קינד. צוליב איר שלעכטן ווילן און איינגעשפּאַרטקייט האָט זי נישט געוואָלט מיט מיר חתונה האָבן און האָט מיך קיינמאָל נישט געוואָלט האָרכן. באַפרייט אָט די פרוי און איך סימאָן קעלפּ, בין פאַראַנטוואָרט־לעך פאַר אַלע אירע מעשים. מיין נאָמען איז אומבאַפלעקט און מיין וואָרט איז די זיכערסטע גוואַראַנציע. מיט מעטטע טראָפּס קינדער וועל איך זיך פאַראינטערעסירן, ווי אַן אמתער פאָטער און נאָך דעם, ווי איר וועט זי באַפרייען, וועלן מיר מאַכן אַ ווייטע רייזע איבערן ים, איך בין ערוב, אַז אין דער צוקונפט וועט זי מער נישט באַגיין קיין שום פאַרברעכן.

חשובער הער ריכטער! צו יעדער רגע בין איך גרייט זיך צו שטעלן אין געריכט, אויב מ׳וועט דאַרפן. דאָס וואָלט געווען זייער אומאַנגענעם פאַר מיר, ווייל איך האָב זיך אַ גאַנץ לעבן געהאַלטן ווייט פונם געזעץ און געריכט. הויך און שטאָלץ האָב איך געטראָגן דעם פאָן פון מיין לאַנד.

מיין אַדרעס: דער מיסיאָנעם־האָטעל אין לאַנגאַנסטראַצ־יע, ווו כ׳וועל אומגעדולדיק וואַרטן אַ ידיעה פון אייך, ביז דער רגע, וואָס כ׳וועל מוזן אַוועק אויפן ים.

מיט גרויס דרך ארץ

ס י מ אָ ן ק ע ל פּ, קאַפּיטאַן.

פּ. ס. אין ענגלישן באַנק זענען דעפּאָנירט אויף מיין נאָמען 2850 פונט שטערלינג.

— פרוי טראָפּ!

דריי מאָל האָט זיך דער ריכטער געוואָנדן צו איר, איי־דער זי האָט אים דערהערט. ס׳האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט פאַרגעסן אָן זיין אָנוועזנהייט.

בשעתן לייענען האָט איר עטלעכע מאָל דורכגענומען אַ שוידער פון מורא אָדער פון קעלט.

זי איז געזעסן איינגעקאַרטשעט, דעם קאָפּ באַהאַלטן אין די הענט.

— פרוי טראָפּ!

זי איז צוריקגעקומען צום באַוווסטזיין.

— אַנטשולדיקט הער ריכטער, ס׳איז מיר זייער אומאָנ־גענעם, וואָס מ׳האָט אייך באַאומרויק מיט די דאָזיקע בריוו. ווען כ׳וואָלט דאָס געקאָנט פאָרויסזען, וואָלט איך אַלץ געטון, כדי ניט צו דערלאָזן דערצו.

— אַלזאָ ווילט איר ניט געניסן פון... אָט די פאָר־שלאָגן?

— איך האַלט די בריוו פאַר ניט געשען.

מיטאַמאָל האָט ביערינג־דער מענטש געטון עפּעס אַזעל־כעס, אויף וואָס ביערינג־דער ריכטער וואָלט קיינמאָל ניט מסכים געווען. ער האָט גענומען אַלע דריי בריוו און האָט זיי צעריסן אויף קליינע פּיצעלעך:

— ווי איר זעט, האָב איך די בריוו גאָרניט דערהאַלטן.

— אַ דאַנק.

דאָס איינציקע וואָרט, אַרויסגעזאָגטע דורך טרערן, איז געווען דער בעסטער באַווייז, אַז מעטטע האָט אָפּגעשאַצט זיין טאַט.

— פראוי טראַפּ, צי ווייסט איר דערפון, אַז איר וועט ווערן שטרענג באַשטראָפט?

— די שווערסטע שטראָף וועט זיין פאַר מיר נאָר צו גרינג.

— איך וואָרן אייך צוליב ריין פּראַקטישע סיבות. אויב איר וועט געניסן פון דעם געלד, וואָס מ׳לייגט אייך פאָר און איר וועט דערמיט דעקן אייערע חובות, וועט דאָס אַ פאַקט זיין, וואָס וועט מילדערן די לאַגע און די שטראָף וועט זיין אַ סך אַ גרינגערע.

זי האָט גאָרניט געענטפערט און ער האָט זיך אויפ־געשטעלט.

— חיינטיקס מאָל האָבן מיר שוין געענדיקט.

ער האָט אויסגעצויגן זיין האַנט צו איר און זי האָט אים דערלאַנגט אירע, ווען ער האָט געוואָלט צונעמען איר האַנט־פלאַך צו זיין מויל, האָט זי זי אַרויסגעריסן און האָט

איראָניש אַ זאָג געטון.

— דער הער ריכטער פירט דאָך מיך יעצט נישט צום טיש!

ער האָט אַראָפּגעלאָזן די האַנט און אַ זאָג געטון שטיל.

— אויב איך וועל נאָר זיין בכּוח אייך צו העלפן אין עפּעס...

זי האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

— איר האָט אין מיר אַ פריינט, פרוי טראַפּ.

— איך וועל דאָס מיר געדענקען און כ׳האָף, אַז כ׳וועל נישט מיסברויכן מיט אייער פריינטשאַפט.

נאָך דעם, ווי מעטטע טראַפּ איז אַרויסגעגאַנגען, האָט דער ריכטער ביטערינג זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון שטערן.

אין צוואַנציק מינוט אַרום האָט דער לאָקיי געמעלדן די וויזיט פון טאָמאַס סאַלבערג.

---

## VIII

טאָמאַס סאָעלבערג האָט דריי מאָל אָנגעקלונגען און מען האָט אים יעדעס מאָל געענטפערט, אַז די פרוי טראַפּ איז נישטאָ אין דערהיים. ער האָט באַשלאָסן לענגער נישט צו וואַרטן און ער איז אַוועקגעפאָרן גלייך אין דער וויללע.

דורך דער האַלב-צוגעמאַכטער טיר האָט מען אים געענטפערט:

— די באַלעבאָסטע איז נישטאָ אין דערהיים און פריילנס געמען נישט אָן.

אין דער נאַטור פון טאָמאַס סאָעלבערג איז נישט געלעגן די נייגונג פון מאַכן זיך אַ וועג מיט געוואַלד. ער האָט אַהיימגעשיקט די קאַרעטע און אַליין האָט ער גענומען זיך דרייען, אַן אומבאַשלאָסענער, אין דער פינצטערער אַלעע אין דער וויללע זענען די לאָמפּן יעדעס מאָל אויסגעלאָשן געוואָרן און האָבן זיך ווידער אָנגעצונדן. עפּעס אַ גאַסט איז געקומען און איז אינעווייניק פאַרשוונדן געוואָרן. טאָמאַס האָט פאַרשטאַנען די גאַנצע צוועקלאָזיקייט פון זיין וואַרטן און ער איז אַוועק אין דער זייט פון דער שטאָט.

אינדערהיים האָט ער געטראָפן אַ דעדעקטיוו, וואָס האָט שוין פון לאַנג געוואַרט אויף אים, פון אים האָט ער זיך דער-וווּסט דעם גאַנצן אמת, יעדע האָפענונג צו פאַרשווייגן דעם גאַנצן ענין איז פאַרפאַלן געוואָרן.

דער קאַלטער און טרוקענער ראַפּאָרט פונם דעטעקטיוו האָט אים צוריקגעבראַכט אין גלייכגעוויכט. ער האָט אָפּגעגעבן נאָך טייל אַנדערע אינפאָרמאַציעס און געבעטן, אַז אין דער צוקונפט זאָל מען זיך ווענדן גלייך צום בוכהאַלטער, ווייל ער אַליין פילט זיך ערשעפּט און פּאָרט בקרוב אַרויס אויפן דאָרף זיך אָפּרוען.

אַ גאַנצע נאַכט האָט ער פאַרבראַכט אינעם סאָטעל אין דעמזעלבן צימער, ווו זיין פאָטער האָט געקענט אָפּזיצן אַליין גאַנצע שעהען. ס'איז שוין דורך פיר יאָר פון זיין פאָטערס טויט קיין זאַך איז נישט געענדערט אין דעם אַלט־פרענקישן קאַבינעט, באַשטעלט מיט פלערליי אַלטע מעבל. אַפילו די לעצטע צייטונגען זענען געווען צוגעדרוקט מיט אַ פּאָדקאָווע, וואָס דער אַלטער סאָעלבערג האָט אַמאָל געבראַכט פון אַ ווייטער נסיעה.

טאָמאַס סאָעלבערג האָט ווייניק געקאָנט זיין פאָטער זייענדיק נאָך אַ יינגל איז ער גאַנצע טעג אָפּגעזעסן איבערן ביכל און געלעבט אין אַן אייגענער וועלט פון חלומות. שפּעטער, ווען ער איז דערוואַקסן געוואָרן, איז ער אַרויסגעפאָרן איבערן אָקעאַן און ווייטער נישט געהאַט קיין שום מעגלעכקייט צו באַקענען זיך מיט דער היים. צום ערשטן מאָל האָט ער ערשט שטאַרק דערפילט, ווי דער פאָטער פעלט אים און ער האָט געוואָלט אים אַרויסרופן פון קבר און בעטן ביי אים הילף און אַן עצה.

ער האָט דערפילט די צוויי נישט געשלאָפענע נעכט. אין קאָפּ האָט זיך אים געמישט. ערגיץ ווייט פון אים אונטער זיין מח האָט אַ געוויסער געדאַנק אָנגעהויבן אַרויסשווימען, נאָר איידער ער האָט באַקומען געוויסע געשטאַלטן איז עס פאַרשוונדן געוואָרן ערגיץ אין דער פינצטערניש.

ביזן היינטיקן טאָג האָט ער נאָך נישט געפונען גענוג מוט צו צוגיין צום פאָטערס שופלאָד.

נאָך דער לויה האָט דער אַדוואָקאַט אים דערלאַנגט די צוואָה צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע דאָקומענטן און דערמיט האָט זיך דער זון באַנוגנט.

היינט, צום ערשטן מאָל האָט ער געוואַגט צו עפענען דעם פאָטערס ביורקע.

אין דרויסן האָט שוין גענומען טאָגן. ס'האָט זיך איבּ-
אויסגעדוכט, אַז מיט דעם שריט שטערט ער דעם טויטנס רו;
נאָר זיין פאַרצווייפלונג און גלייכצייטיק די האָפנונג, אַז דאָרט
וועט ער געפינען אַ וועלכן ס'איז פאַרענטפערונג אויף אַלעם
האָבּן אים באַפולמעכטיקט צו אָט דעם שריט.

אין איין זייט זענען געלעגן אויפמערקזאַם צונויפגעבּונדן
און גלייכגעלייגט לויט די דאַטעס, די בּריוו וואָס ער האָט נאָך
געשריבּן פון אויסלאַנד אין זיינע קינדער-יאָרן. אין דער צוויי-
טער שופלאָד זענען געלעגן זיינע אַלע שול-העפטן. די דריטע
האָבּן פאַרנומען אַלע קליינקייטן, וואָס זענען געבּליבּן נאָך דער
מאַמען. בּאַלד נעבּן זיי איז געלעגן אַן אַלטע בּיבּליע, איינגע-
בּונדן אין לעדער. עס זענען דאָרט געווען פאַרשידענע דאַטעס
פון געבּורט, חתונות און טויטן — די אַלע פאַלן זענען געווען
געגאָטירט דורך זיינע אבות, יוטלענדישע פויערים און בּהמה-
הענדלערס.

די לעצטע שופלאָד איז געווען פונאויבּן פאַרדעקט מיט
פאַפיר און ס'איז געווען אויף אים אויפגעשריבּן:

— נישט ליינענדיק, פאַרבּרענען!

טאָמאַס סאָעלבּערג האָט אויפגעהויבּן דאָס פאַפיר. ער האָט
דאָס נישט געטון צוליבּ נייגיריקייט, נאָר פאַרקערט, ער האָט
געוואָלט ערפילן דעם פאָטערס פאַרלאַנג. אונטער דעם פאַפיר
איז געלעגן אַ ווייסער קאָפּערט מיט אַן אויפשריפט: „בּריוו פון
דער קליינע פרוי“

אין זער ערשטער רגע האָט ער געטראַכט, אַז דאָס זע-
נען די מאַמעס בּריוו נאָך פון דער כלה-צייט. דער בּאַקאַנטער
ריח האָט אים אָבּער אויסגעזאָגט דעם סוד. ער האָט געוויגן
אין דער האַנד די גרויסע שווערע קאָפּערט: צום סוף האָט ער
זי איבּערגעדרייט אויף די צווייטע זייט און איבּערגעלייענט די
ווערטער, וואָס זענען געוואָרן אָנגעצייכנט דורך דער אַלטער,
ציטעריקער האַנד: „מיין הייליגטום“. אַ בּיסל ווייטער איז גע-
שטאַנען: „דער מענטש ווערט קיינמאָל נישט אַזוי אַלט, אַז אַלץ
זאָל אים קענען ווערן גלייכגילטיק“.

טאָמאַס סאָלבערגן איז אַפּילו נישט איינגעפאַלן איבער־צולייענען אַפּילו איין בריוו. זיי זענען געווען אויסגעלייגט אין דערזעלבער אָרדנונג, ווי זיי זענען פריער געווען גלייכגעלייגט. פון די פאַרשידענע קאָפּערטן איז אַרויסגעפאַלן אַ שטיק פּאַפּיר, כמעט דורכגעריסן אויף דער העלפט. ער האָט עס גענומען און אויסגעגלייכט. דאָס בריוול איז געווען געשריבן פון פאָטער צו אים צוויי חדשים פאַר זיין טויט.

דער אינהאַלט איז געווען אַזאַ:

טייערע זון טאָמאַס!

— בשעת דיינע זעלטענע וויזיטן אינדערהיים, האָב איך קיינמאָל נישט געהאַט גענוג מוט כ׳זאָל דיר אָפנהערציק דער־ציילן וועגן דעם, וואָס איז מיר שוין פון לאַנג אָן געלעגן אויפן האַרצן. כ׳וועל עס יעצט פּרוּוון טון שריפטלעך.

אין די לעצטע צייטן פיל איך זיך אָפּגעשוואַכט, אָן כוחות און נאָנט צום קבר. כ׳האָב באַשלאָסן צו ענדערן מיין צוואה אַזוי, אַז מעטעטע טראַפּ זאָל גלייך מיט דיר נעמען אַ העלפט פון דער ירושה. איך פאַרזיכער דיך, אַז איך טו דאָס נאָך לאַנגען קלערן. די קליינע פרוי האָט מיר געגעבן אין מיין לעבן אַזוי פיל גליק און פרייד, וויפיל נאָר דיין מאַמע איז מיר בכח געווען צו געבן אין אירע יונגע יאָרן.

איך האָב מיט דיר קיינמאָל נישט גערעדט וועגן מעטעטן. ס׳איז פאַר מיר אינגאַנצן קלאָר, פאַרוואָס איך האָב עס געטון. כ׳האָב מורא געהאַט, אַז דו וועסט קוקן מיט פאַראַכטונג אויף איר לייכטזיניקע אויפפירונג אין לעבן, אויף אירע פעלערן, וועגן וועלכע כ׳האָב אַליין גוט געוווּסט. כ׳האָב דערצו גאָרנישט גע־קענט העלפן און טיף אין האַרץ האָב איך איר אַלץ מוחל גע־ווען. די ליבע פון אַן אַלטן מענטש איז שטאַרקער פון יעדער ליבע אויף דער וועלט. מעטעטע האָט געקאָנט טון מיט מיר, וואָס זי האָט געוואָלט, ווייל איך האָב זי ליב געהאַט, מער ווי מיין אייגן לעבן.

יעצט באַהאַלט זי זיך פאַר מיר. כ׳ווייס, אַז הינטער מיינע פּלייצעס טוט זי אָפּ פאַרשידענע שגעונות. וואָס וועט זיין דער

סוף פון אָט דעם אַלעמען? איך וועל, ליבער טאָמאַס, אין קבר נישט געפינען קיין מנוחה, אויב מעטטען וועט געשען עפּעס שלעכטס.

איך פיל זיך שולדיק אַנטקעגן איר, טייערע זון מיינער, און מיט אַזאַ געדאַנק איז שווער אָפּצושטאַרבן.

איך אַליין האָב זי אַוועקגעפירט קיין מאָנטע-קאַרלאָ און צוגערעדט, זי זאָל שפּילן. ווי ס'ווייזט אויס, האָב איך דערוועקט אין איר דעם איינגעבוירענעם אינסטינקט צום האַזאַרד.

מעטטע, דאָס איז אַ ענערגישע, שטאַרקע פרוי. ליידער איז דאָס שפּילן געוואָרן יעצט ביי איר אַ שוואַכקייט.

צו וואָס וועט זי אָט די שוואַכקייט דערפירן? שוין צוויי מאָל ווי זי האָט איבערגעטרעטן דעם דערלויבטן קרעדיט, וואָס כ'האָב ספּעציעל פאַר איר געעפנט: אויב כ'וועל איר עפּעס זאָגן דערוועגן, האָב איך מורא, אַז זי קען נאָך אָפּטון עפּעס ערגערס. און יעצט...

אויף דעם אָרט האָט זיך דער בריוו אָפּגעהאַקט.

טאָמאַס סאָעלבערג האָט זיך הילפלאָז אַרומגעקוקט איבערן צימער.

ס'וואָלט אים קיינמאָל נישט געקומען אויפן געדאַנק חתונה צו האָבן מיט אַן אַלמנה אָדער אַ גרושה, פּונקט אַזוי, ווי ער וואָלט קיינמאָל נישט פעיק געווען אָפּצורעדן עמעצנס פרוי.

ער האָט לאַנג געפירט מיט זיך אַ קאַמף, ביז וואַנען ער האָט באַהערשט זיינע פאָראורטיילן און באַשלאָסן צו בעטן מעטטעס האַנד.

דאָס איז געווען איר כמעט ווילדיקער ענטפער!

— כ'האָב קיינמאָל נישט חתונה געהאַט און איך האָב עס נישט בדעה צו טון. פון מיינע דריי קינדער האָט יעדעס פון זיי אַן אַנדערן פאָטער.

דער ענטפער האָט אים געטראָפן ווי מיט אַ פאַר'סמטער שפּיז אין האַרץ.

ער איז אַרויס פון צימער נישט קענענדיק אַרויסרעדן קיין איין וואָרט אַפילו.

דאָס געפיל פון ליבע צו איר איז אין אים כסדר גע־וואַקסן און ס׳האָט אים דערפירט דערצו, אַז ער האָט צום צווייטן מאָל דורכגעפירט מיט זיך נאָך אַ שווערערן און ווייטיק־דיקן קאַמף.

ס׳איז אים געווען אינגאַנצן קלאָר, אַז דאָס חתונה האָבן מיט מעטטען וועט אים זייער אַסך קאָסטן אין זיין לעבן. ער האָט גלייכצייטיק הייליק באַשלאָסן, אַז זי וועט זיך קיינמאָל נישט דערוויסן וועגן זיין אינערלעכן קאַמף, וואָס ער האָט גע־האַט אויסצושטיין.

איר קאַלטער אָפּזאָג צום צווייטן מאָל, האָט אים אינגאַנצן פאַרפרוירן.

ער האָט זיך אויסגעלערנט שווייגן.

ער האָט כסדר אָפּגענאַרט זיך אַליין, אַרויסווייזנדיק איר גרויס דרך ארץ. ס׳איז אים נישט איינגעפאַלן אַפילו, אַז אַלע מענטשן אַרום אים ווייסן וועגן אַלעם נישט ווייניקער ווי ער אַליין. צוליב די קינדערס וועגן האָט ער זיך באַמיט אונטערצו־האַלטן איר רענאָמע.

די רעזולטאַטן פון דער רעוויזיע האָבן אים אַריינגעבראַכט אַ מאָדנע פאַרשטאַרטקייט, דער צושטאַנד איז אַריבער מיט דער רגע, וואָס מעטטע איז אַריינגעקומען אינם קאַנטאָר אַריין.

ער האָט בשום אופן נישט געקענט זיך אָפּגעבן קיין דין וחשבון פון זיינע געפילן. אַן איינציק בילד האָט כסדר געפייניקט מיין מוח. מעטטע טראַפּ איז אין תפיסה, מעטטע עקזיסטירט דאָרט אַלס אַ נומער...

דאָס נישט שלאָפן אין משך פון צוויי נעכט האָט אים אַנידערגעלייגט.

ווען נישט זיין פאַלשע איבערגעטריבנקייט וואָלט ער שוין לאַנג איבערגעקוקט דעם טאַטנס ירושה און אַזוי אַרום וואָלט מעטטע טראַפּ געהאַט דאָס געלט, וואָס איז איר נויטיק צו דעקן אירע מיסברויכן אינם געשעפט און זי וואָלט נישט געדאַרפט זיצן איין רגע אין דער תפיסה. אַלזאָ, ער איז טאַקע שולדיק.

אייגנטלעך האָט זי אים נישט אָפּגענאַרט נאָר ער האָט זי אָפּ־
גענאַרט.

דער העלער פרימאָרגן האָט אים געטראָפן אין דערזעל־
בער פּאָזע, ווי נעכטן באַנאַכט. מיט אַ באַוווּסטלאָזן בליק האָט
ער זיך איינגעקוקט כּסדר אין איין פּונקט.

מ׳האָט געשיקט נאָך אַ דאָקטאָר. סאָעלבערג האָט זיך אונ־
טערגעגעבן זיינע פאַראָרדנונגען אָן קיין שום ווידערשטאַנד, ער
האָט געהאַט נאָר אַן איינציקן פאַרלאַנג: אַנטשלאָפן צו ווערן.
דער דאָקטאָר האָט אים געגעבן אַ פּראָשעק און געמאַכט איינ־
שפּריצונג צום שלאָפן, עס האָט גאָרנישט געהאָלפן; ער האָט
אינגאַנצן פאַרלוירן די נייגונג אַנטשלאָפן צו ווערן. ער איז
געלעגן אינגאַנצן רויק און שטיל געריירט מיט די ליפּן, וואָס
האָבן כּסדר איבערגעחזרט נאָר די ווערטער:

— לאָזט מיך אַנטשלאָפן ווערן.

די פּערטע נאַכט האָט ער אויסגעטרונקען אַ גאַנץ פלעשל
וועראָנאַל. ער האָט זייער גוט געוווּסט דערפון, אַז ס׳איז מעג־
לעך, ער זאָל זיך מער נישט אויפוועקן. ער איז נישט אַנט־
שלאָפן געוואָרן. די יסורים האָבן אים צעזעצט זיין מוח.

אויפן אַנדערן טאָג האָט טאָמאַס סאָעלבערג באַשלאָסן צו־
פאָרן צום ריכטער ביערינג.

ער האָט זיך געמוזט פעסט אָנהאַלטן אָן דער טיר, כּדי
ער זאָל נישט אַנידערפאַלן.

— דאָס איז גאָרנישט... גאָרנישט... פּשוט אַ צייטווייליקע
אָפּשוואַכונג... איך קום וועגן דעם ענין...

אין דעם צימער, צווישן די מויערן, איז ער נישט בכּח
געווען אַרויסצורעדן איר נאָמען. די ווערטער זענען אים גע־
בליבן שטיין אין האַלז.

דער ריכטער ביערינג האָט געהאַט גענוג שטאַרקע נערוון,
נאָר דערזעענדיק טאָמאַסן אַזוי שטאַרק צעבראָכן, האָט ער פאַר־
לוירן די גלייכגעוויכט.

— אפשר וועלן מיר דאָס אַלץ אָפּלייגן ביז דער צייט...
ווען וועסט זיך בעסער פילן?

סאָעלבערג האָט אַרויסגעצויגן פון דער קעשענע דעם פּאָטערס בריוו.

— נאַ, לייען!

דער ריכטער האָט עס אויפמערקזאַם איבערגעלייענט.

— נו... יאָ... זעסט, אָבער דאָס ענדערט נישט די לאַגע.

— ווי אַזוי? די סומע... וואָס קומט איר נאָך מיין פּאָטער איז דאָך אַסך גרעסער, ווי...

— טייערער פריינד, ווען די סומע זאָל אפילו זיין הונדערט מאָל אַזאַ גרויסע, וואָלט דער פאַקט נישט געענדערט דאָס געזעץ.

— דו פאַרשטייסט מיך נישט.

טאָמאַס סאָעלבערג האָט זיך פאַרשטעלט די אויגן, וואָס זענען געווען צעגליט פון שלאָפלאָזיקייט.

— די פרוי טראַפּ האָט זיך אַליין באַשולדיקט און שווינדלעריי לגבי דער פירמע — נאָר אַזוי ווי לויט דעם בריוו קומט אויס, אַז די פירמע דאָס בין איך און זי, אַלזאָ...

דער ריכטער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ.

— הער מיך אויס רויק, טאָמאַס. אין דער איצטיקער מינוט קענסטו גאָרנישט טון פאַר דער פרוי טראַפּ. נישט דו און קיין אַנדערער אויך נישט. אַחוץ דעם קען איך דיך פאַרזיכערן, אַז זי וויל נישט געניסן פון קיינעמס הילף. מיט אַ פּאָר מינוט צוריק האָב איך גערעדט מיט איר. זי גיט זיך אָפּ אַ גענויעם דין וחשבון פון איר טאַט און זי וויל טראָגן דערפון אַלע קאָנסעקווענצן.

טאָמאַס סאָעלבערג האָט אָנגעשפּאַרט זיין בליק אָן אַ ווינקל פונם ליידיקן צימער.

— זאָג מיר נאָר איין זאַך... צי וואָלט איך איר עפּעס געהאָלפן דערמיט, וואָס זי וואָלט געטראָגן מיין נאָמען?...

דער ריכטער האָט צערטלעך אַ גלעט געטון דעם פריינדס פּנים — דאָס איז געווען אַ צערטלעכקייט אויף וועלכע ער וואָלט זיך נישט ערלויבט אפילו אין זייערע שול-יאָרן.

— מאַטער זיך נישט מיט כלערליי שרעקלעכע היפּאָטעזן.

איך, פון מיין זייט, נעם אין אַכט, אַז דו זאָגסט זיך אָפּ פון יעדער פּרעטענסיע צו איר; דאָס איז דאָס וויכטיקסטע.

אין אַ רגע אַרום האָט ער צוגעגעבן:

— אפשר וואָלסטו געוואָלט עפּעס רעדן מיט איר?

גישט וואַרטנדיק אויף קיין תשובה האָט ער געהייסן אַריינפירן די באַשולדיקטע.

— פאַרשטייט אַליין, אַז כ׳מוז האַנדלען לויט דעם געזעץ. פונדעסטוועגן וועל איך אייך לאָזן אַליין אויף עטלעכע מינוט.

ווען מעטטע טראָפ איז אַריינגעקומען אין צימער האָט זיך דער ריכטער שטיל אַרויסגערוקט.

מעטטע האָט פאַרשטעלט איר פּנים מיט די הענט:

— וואָס ווילט איר פון מיר... דאָ אין דעם אָרט...

— וואָס איך וויל פון אייך?...

זי האָט אויפגעהויבן דעם בליק אויף זיין פּנים, וואָס איז שטאַרק געענדערט געוואָרן צוליב זיינע אומענטשלעכע יסורים. זי האָט עטוואָס אויסגעצויגן די הענט, כדי אַרומצונעמען דעם געליבטן קאָפּ. זי האָט זיך תיכּף באַהערשט, אירע הענט זענען אַראָפּגעפאַלן אָן מאַכט. ער האָט אויף איר אַ קוק געטון מיט טויטע אויגן.

— ערשט יעצט האָב איך איבערגעלייענט דעם לעצטן ווילן פון מיין פאָטער... אַ האַלבע ירושה געהערט אייך... איך האָב נאָר געוואָלט אייך זאָגן דערוועגן...

— נאָר דאָס? און מער גאָרנישט?

— נאָר דאָס.

— איר האָט זיך געקאָנט איינבערענגען די טרחה פון אַהערקומען, איך זאָג זיך אָפּ פון דער ירושה נאָך א מענטש, וואָס כ׳האָב אָפּגענאַרט...

— אויב כ׳וואָלט איבערגעלייענט דאָס פּאַפּיר... וואָלט איר געקאָנט...

מעטטע טראָפּ האָט אים איראָניש איבערגעריסן:

— וואָלט איך געקענט דעקן די מיסגעברויכטע סומע,

— ווילט איר זאָגן. ווי לעכערלעך איר, מענער זייט! נוי ער-

לעך און אמתדיק. איר האַלט זיך ביים געזעץ, איר באַשולדיקט און איר משפּט... און ליבּי מיר, וואָס וויל אַז די גערעכטיקייט זאָל געווינען, ווילט איר אַליין זי נישט דערלאָזן.

— איך קען אייך נישט לאָזן אין תּפיסה!

זי האָט אויף אים מאָדנע אַ קוק געטון:

— לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז כ'וואָלט געווען אַזוי נאַיוו אָדער ציניש, אַז כ'וואָלט וועלן פון טיפן האַרצן עס זאָל זיך געפינען אַן איינציקער מענטש, וואָס וואָלט געפאָדערט איך זאָל טראָגן אויף זיך די שטראָף נאָר דערפאַר ווייל... ער האָט מיך ליב.

טאָמאַס סאָלבערג האָט אויסגעשעפּטשעט:

— נאָר ער...

אין דער רגע האָט זיך דער ריכטער באַוויזן אין דער טיר.

מעטטע טראַפּ האָט מיטאַמאָל געענדערט דעם טאָן.

— יעדנפאַלס דאַנק איך אייך פאַר אייער גוטן ווילן.

סאָלבערג האָט זיך לייכט אויסגעבויגן פאָרויס, ווי ער וואָלט וועלן בעסער הערן וואָס, אפשר וועט זי אים נאָך עפּעס זאָגן, צום סוף האָט ער אַרויסגעשעפּטשעט:

— יעצט... וועט עס קומען...

ער האָט צוגעמאַכט די אויגן. ער האָט האַלב געעפנט דאָס מויל ווי צו שמייכלען.

יעצט... קען איך איינשלאָפן...

זיין פריינד האָט נאָך באַוויזן אַרומצונעמען אים און אַ פאַרחלשטן לייגן אינם פאָטעל.

מעטטע האָט געגעבן דעם ריכטער אַ ווונק, אַז ער זאָל זיך אָפּרוקן. זי האָט זיך איבערגעבויגן איבער דעם צעבראָכענעם און הילפלאָזן קאָפּ און האָט אים פאַמעלעך אַ קוש געטון אין די אויגן און אין מויל. נאָכהער האָט זי זיך אויסגעלאַכט און הויך אַ זאָג געטון:

— אים האָב איך ליב, ער איז דער איינציקער מענטש, וואָס כ'האָב ווען עס איז אין מיין לעבן ליב געהאַט.

אַ בריוו פון מעטטע טראַפּ געשריבן פון דער תּפיסה אַרויס צו אירע טעכטער.

ליבע אילזעביל, מאַטטעאַ און טייערע קליינע מאַרגאָט!

קודם כּל זאָרגט אייך נישט וועגן מיר.

ווען איר האָט געמאָזלט האָב איך געמוזט אין אייער צי-מער פאַרלאָזן די ראָלעט, ווייל דאָס ליכט האָט אייך געאַרט!

הינטער דעם גרויען מויער פיל איך זיך יעצט אַזוי ווי דאַמאָלט, איר קענט זיך גאָרנישט פאָרשטעלן וואָס איז פאַר אַ מאַמען דאָס געפיל פון חרפּה פאַר אייגענע קינדער. מיין טראָיקע!... איך בין אַוועק פון אייך מיט אַ ליגנט אויף די ליפּן, פּונקט אַזוי ווי כ׳האָב געלעבט מיט אים אין משך פון די לעצטע עטלעכע יאָר. מיין ליגנט איז באַשטאַנען דערין, וואָס כ׳האָב באַהאַלטן דעם אמת.

איר האָט געגלויבט, אַז כ׳גיי אַוועק פרייוויליק אין תּפיסה אַריין, אַז איך אַליין גיב זיך איבער אין די הענט פון דער גערעכטיקייט. כ׳האָב פּשוט נישט געהאַט קיין מוט אייך אויס-צוזאָגן דעם אמת. כ׳בין אַוועק אויף דעם דאָרנדיקן וועג, נאָר דערפאַר, ווייל כ׳האָב שוין נישט געהאַט קיין אַנדערן אויסוועג. גלויבט מיר, ווען עפּעס אַ נייער שווינדל וואָלט מיך געקאָנט באַפרייען וואָלט איך זיך נישט אָפּגעשטעלט אויף קיין איין רגע אַפילו; איך בין דאָס אייך מודה.

דאָס וואָלט געשען נישט נאָר צוליב אייך, צוליב דעם, כ׳זאָל אייך איינבערענגען יסורים... ניין, נאָר צוליב מיר, איך האָב מורא געהאַט פאַר דער תּפיסה. דער עיקר, און די אמתע סיבה איז די, וואָס כ׳האָב געוואָלט אויסבאַהאַלטן מיין פאַר-ברעכן פאַר אימיצן, מיט וועמען איך רעכן זיך אַממייסטן. איר אַליין זאָלט מיך משפּטן. די שטראָף, וואָס דאָס געזעץ וועט אויף מיר אַרויסגעבן, איז גאָרנישט אַנטקעגן אייער משפּט.

ווען כ׳בין אַוועקגעגאַנגען פון אייך איז מיר געווען אינ-גאַנצן קלאָר, אַז אַ טייל פון פאַרברעכן וועט אַרויספאַלן אויף אייערע אומשולדיקע קעפּ.

אילזעביל האָט מיך געפרעגט, צי איך האָב נישט עפּעס

איבערצוגעבן פאַר איינעם פון מיינע פריינד. כ׳האָב געענט־פערט, אַז ניין.

נישט לאַנג, ווי איך האָב מיט אייך גערעדט וועגן אייער פאָטער. מיר האָבן באַשלאָסן צו לאָזן אַלץ אַזוי, ווי ס׳איז געווען, ביז איינע פון אייך וועט נישט וועלן ברעכן אונזער אָפּמאַך.

טייערע קינדער מיינע, איר זייט נאָך אַזוי יונג, אַ סך צו יונג, אַז איר זאָלט פאַרשטיין דאָס, וואָס כ׳וויל אייך יעצט זאָגן.

איך מוז עס טון, הגם, גלויבט מיר, אַז די רייד זענען געשריבן מיט בלוט.

פון אילזעבילס פראַגע האָב איך געדרונגען, אַז זי פאַר־שטייט נישט די סיבה, פאַרוואָס איך וויל נישט בעטן ביי קיינעם קיין שום הילף. יעצט וויל איך דערוועגן אייך עפּעס זאָגן.

אמת, אַז דער פעטער ניעלס איז זייער אַן איינגעהאַל־טענער און ערצויגענער מענטש, אָבער האָט איר זיך קיינמאָל נישט געפרעגט, פאַרוואָס האָט ער ביז יעצט נאָך נישט חתונה געהאַט? דאָס איז אַ פראַגע, וואָס רוקט זיך אַליין אונטער, ס׳זענען פאַראַן מענער, וואָס זענען באַשאַפן געוואָרן צו זיין אַלטע בחורים און דער פעטער ניעלס געהער אויך צו זיי. ער בענקט נישט נאָך קיין פרוי, ער האָט פשוט נישט קיין צייט פאַר איר, זיין אַלמאַנאַך, דאָס מיניסטעריום, די אַלבומען מיט מאַרקעס און קאָלעקציע פון פייקעס באַפרידיקן אים אינגאַנצן. נישט זייענדיק באַשאַפן פאַר אַ מאַן, איז ער אַן אויסגעצייכנ־טער פריינט. ווען איך וואָלט צו אים געקומען און געזאָגט: ראַטעווע מיך מיט מיינע קינדער פון אַ חרפה, וואָלט ער קיין איין רגע נישט געוואַרט און דאָס געטון. כ׳וואָלט געהאַט דעם איינציקן אויסוועג און מיט דעם לעצטן שווינדל וואָלט איך פאַרווישט אַלע שווינדלערייען, וואָס כ׳האָב ביז יעצט אָפּגעטון. צי האָב איך דאָס אָבער געמעגט טון? שטעלט אייך פאָר דעם פעטער ניעלס, וואָס שעמט זיך מיט זייַן אייגענע משפחה. ער,

וואָס פאַרמאָגט אין זיך די אַבסאָלוטע ערלעכקייט און פאַדערט דאָס זעלבע אויך פון זיין סביבה — דער מענטש זאָל זיין דער מאַן פון אַ שווינדלערין!

דערנאָך דער פעטער פרעבען, וואָס האָט קיינמאָל נישט קיין גראָשן ביי דער נשמה. דער מאַמעס אַ זונעלע, וואָס די מוטער רודפט אים לפנים און אין דער ווירקלעכקייט מאַכט זי אים קאַליע, ווי ער וואָלט אַלט געווען פינף יאָר. ער ווערט טאַקע קיינמאָל נישט זיין קיין דערוואַקסענער מאַן. אייער פע-טער פרעבען, וואָס איז פעיִק צו די גרעסטע שגעונות, איז גרייט מיט מיר חתונה האָבן, הגם זיין מוטער וויל דאָס נישט.

איר קענט אייך פאָרשטעלן ווי זיין משפחה וואָלט אונז צוגענומען. לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אַז מיר רעכענען זיך נישט מיט קיין שום זאַך און מיר ציען זיך אַריין קיין סאָפּילונד. זיין מוטער מוז מיר אָפּטרעטן דאָס אָרט און ממילא בין איך שוין די סיבה פון איר אומגליק. זיין גאַנצע משפחה, וואָס איז שטאָלץ פון איר אומבאַפלעקטן נאָמען, פאַלט אָן אויפן פעטער פרעבען. ער קען זיך נישט ווערן און מיר מוזן רעאַגירן אויף יעדע טענה, וואָס ווערט געווענדעט צו אונז און צו אים. די הילפלאָזיקייט פונם מאַן מאַכט אים לעכערלעך אין אונזערע אויגן...

דער פעטער פרעבען וואָלט געקאָנט דעקן מיינע חובות, אויב ער זאָל פאַרקויפן אַלץ, וואָס ער פאַרמאָגט: זיינע גע-ליבטע פערד, די פידל און אפשר אויך דאָס אַלטע בי-זשוטעריע פון זיין מוטער. כ׳ווייס נישט, צי וואָלט דאָס אַלץ געווען גענוג. אפשר וואָלט מען נאָך באַדאַרפט אויסבעטלען הילף ביי דער רייכער משפחה... פרעבען אַ בעטלער פאַר זיין פרוי — אַ גנבטע. איר פאַרשטייט אַליין, אַז איך קען זיך צו אים נישט ווענדן. אויב איר קלערט אַנדערש, ביטע זאָגט דאָס מיר אָפן.

איך האָב נאָך איינעם אַ פריינד, וואָס איז פאַר איין לגמרי אַ פרעמדער מענטש, וואָס איז געקומען פון ווייטע לענ-דער, פונדעסטוועגן איז געווען אַ צייט אין מיין לעבן, ווען

דער מענטש איז געווען פאַר מיר דער נאָנטסטער אויף דער וועלט. ער שטאַמט פון פשוטע מענטשן, ער האָט זיך אַליין אויסגעאַרבעט און דאָס האָט אים פאַרהאַרטעוועט. ער האָט זיך זיינע שגעונות, נאָר ער איז אַן אמתער, שטאַרקער מאַן, וואָס שעצט דעם כבוד מער, ווי זיין לעבן. אויב כ'וועל אייך זאָגן אַז אויף מיין ביטע איז ער גרייט אַלץ מקריב צו זיין, כדי מיך צו ראַטעווען. וועט איר אים זיכער פאַררעכענען פאַר מיי-נעם אַן אמתן פריינד.

קענענדיק זיין נאַטור, ווייס איך גענוי, וויפיל דאָס אַלץ וואָלט אים געקאָסט.

ער איז אַ האַרטער און אויפריכטיקער מענטש. ווען ער זאָל מיט מיר אַוועקפאָרן אַפילו אויפן עק וועלט, וואָלט אים אויך כסדר געפייניקט דער באַוווסטזיין, אַז זיין פרוי וואָלט גאָר יעצט באַדאַרפט אָפּזיצן איר שטראָף אין דער תפיסה. די שיף, אויף וועלכער ס'איז אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע, דערגייט נישט צום ברעג און הענגט אַרויס אַ וואָרנונג-פאָן. זיין חתונה האָבן מיט מיר וואָלט פאַר אים געווען אַן אייביקע קוואַראַנטאַן.

צי האָב איך געקאָנט ביי אים בעטן אַ וועלכע ס'איז ראַטונג?

יעצט וועל איך אייך דערציילן וועגן דעם ערגסטן...

זייענדיק מיט אייך צוזאַמען האָב איך קיינמאָל נישט געפונען גענוג אָפנהערציקייט כ'זאָל אייך דערציילן דערוועגן, נאָר די איינזאַמקייט צווישן די פיר ווענט גיט מיר צו דעם מוט.

מיר געהערן צו זיך. נישט דערפאַר, ווייל איך האָב אייך געבראַכט אויף די וועלט נאָר דערפאַר, וואָס מיר האָבן זיך אויפגעלעבט צוזאַמען. מיר — דאָס איז איך און איר! איך בין מחויב צו זיין פאַר אייך אַבסאָלוט אָפנהערציק, אַפילו דאַמאָלט, ווען מיר זאָל אויסקומען צו באַצאָלן פאַר איר מיט אייער ליבע צו מיר. איר, מיינע טעכטער, פאַרשטייט, מסתמא פאַרוואָס איך האָב נישט חתונה געהאַט, אַפילו די קליינע מאַר-גאָט איז זיך משער פאַרוואָס איך האָב אַזוי געטון. עס איז

מיר נישט געגאַנגען דערין, איך זאָל האַלטן דאָס וואָרט, וואָס איך האָב געגעבן מיין אָרימער מאַמען. כ׳האָב געוואָלט פאַר־בלייבן פריי, פאַר יעדן פרייז.

יעדעס געפיל, וואָס כ׳האָב געהאַט פאַר אַ מאַן איז גע־ווען גאָרנישט אַנטקעגן דער פרייד, אַז איך ווער אַ מוטער, כ׳האָב קיינמאָל נישט געוווּסט פון קיין אמתער ליבע, אַנטשול־דיקט מיר פאַר די ווערטער; איך קאָן אָבער נישט אַנדערש שרייבן.

ביז כ׳האָב אים דערקאָנט האָב איך געמיינט, אַז דאָס וועט שוין אייביק אַזוי געדויערן. אָבער אונטער דער שוץ פון דעם איינציקן מענטש וואָלט איך זיך טויזנטער מאָל פרייער געפילט, ווי גייענדיק אַליין דורכן לעבן. ער האָט אָבער נישט געוווּסט, אַז איך בין אַ מוטער פון נישט געזעצלעכע קינדער. ווען ער האָט זיך דערוווּסט דערפון האָט ער זיך פון מיר אָפּ־געקערט און געוויינט.

ס׳איז מיר געווען אינגאַנצן גלייכגילטיק די גאַנצע וועלט אַפילו זאָל זיך דערוויסן פון מיינע מעשים, נאָר פאַר אים איינעם האָב איך געוואָלט אַלץ אויסבאַהאַלטן. און דווקא ער האָט זיך געמוזט וועגן זיי דערוויסן, דווקא ער!

ער איז דאָ געווען ביי מיר. אַך, ווען איר וואָלט אים געזען, טייערע מיינע! איך גלויב, אַז פון דער גרעסטער פאַר־אַכטונג דערוועקט זיך אַמאָל אַ מיטגעפיל... ער איז געקומען מיר שענקען זיין הילף...

ווען דער מענטש וואָלט מיר געזאָגט:

— טו תשובה אויף דיינע עבירות און ווען די שטראָף וועט זיך ענדיקן וועל איך וואַרטן אויף דיר אונטער די טוי־ערן פון דער תפיסה... ווען ער זאָל מיר דאָס זאָגן, ווי לייכט וואָלט געווען פאַר מיר די תפיסה!

אָבער ער איז געקומען מיט אַ פאָרשלאַג, כ׳זאָל נעמען זיין געלט. פאַרשטייט מיין לאַגע און פילט מיר מיט; איך דאַרף עס אַזוי שטאַרק יעצט האָבן! יעצט ווייסט איר שוין וועגן מיר, צי האָב איך זיך שטאַרק פאַרזינדיקט דערמיט, וואָס כ׳האָב

אייך באַפּלעקט מיט מיין חטא? צי האָב איך געקאָנט אַנדערש האַנדלען?

צוגייט זיך אין אייערע צימערן: אין דער פינצטער, ווען איינע וועט נישט זען, וואָס די צווייטע קלערט און גיט אַרויס אַ משפט איבער

אייער מאַמע.

דער ענטפער פון די קינדער:

טייערע, געליבטע מאַמע!

מיר האָבן געטון אַזוי, ווי דו האָסט געוואָלט און יעצט איז מאָרגאַט מיט מאַטטעאַ געקומען צו מיר און בעטן איך זאָל פאַר זיי דיר ענטפערן. זיי האָבן אַליין געפּרוווט שרייבן נאָר זיי האָבן נישט געקאָנט. פאַר מיר אַליין איז דאָס אויך נישט פון די גרינגע זאַכן!

אויב כ'זאָל זיין אינגאַנצן אָפנהערציק, וועל איך דיר זאָגן, מאַמע, אַז דו האָסט אינגאַנצן נישט באַדאַרפט אונז שרייבן דעם בריוו. קודם כל דערפאַר, וואָס דו ביסט נישט מיט אונז צוזאַמען און מיר קענען זיך נישט דורכשמועסן מיט דיר; אַחוץ דעם נאָך צוליב אַן אַנדערער סיבה.

צי געדענקסטו, מאַמע, דעם זומער וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין בלאָקהאַוז? ווען מיר פלעגן גיין זיך באָדן זאַלבאַפערט, האָבן מיר אָנגעטון די באָד-קאָסטיומען. און ווען דו ביסט נישט געווען מיט אונז האָבן מיר זיך געבאָדן נאַקעט.

מיר האָבן נישט געוואָלט, אַז דו זאָלסט אונז זען אָן אַ באָד-קאָסטיום. עס וואָלט דאָך דערין נישט געווען קיין שום שלעכטס נאָר לגבי דער מאַמען האָט מען שטענדיק אַ געפיל פון געוויסער בושה.

דו האָסט אונז שטענדיק געזאָגט, אַז מיר זאָלן נישט קוקן גלייך אין דער זון אַריין. ווייל דאָס מאַכט קאַליע די אויגן. מיר דוכט זיך, אַז אַ מאַמע איז אַ זון פאַר אירע קינדער. איך וואָלט נישט וועלן וויסן דאָס אַלץ וועגן דיר.

דו ווייסט, מאַמע, איך שטעל זיך גאָרנישט פאָר, אַז מיר זאָלן קענען האָבן סעקרעטן פאַר דיר; אָדער דו קענסט זיי

האָבן פאַר אונז און דאָס איז דאָס בעסטע. איך קען גאָרנישט קיין עקלהאַפטערער בילד, ווי זוזאַננע וואָס באָדט זיך און דריי אַלטע מענטשן קוקן איר אונטער. דער באַוווסטזיין, אַז דאָס איז רעמבראַנדטס בילד, מאַכט גאָרנישט בעסער דעם איינ־דרוק. כ׳וואָלט עס בשום אופן נישט געוואָלט האָבן אין מיין צימער, אָבער דיין בריוו, מאַמע, האָט קיין שום שייכות דער־צו, ווי קומט עס!

אויף דיין בריוו וועל איך ענטפערן נישט אין מיין נאָמען און נישט אין נאָמען פון מיינע שוועסטערן.

כ׳האָב פון שטענדיק אָן געוווסט, אַז דיינע פריינד זענען גרייט אַלץ צו טון פאַר דיינעטוועגן, אָבער ווי מאָדנע דאָס איז, אַז זיי ווילן מיט דיר חתונה האָבן! איך זע נישט דערין קיין שום שלעכטס, נאָר מענטשן וואָלטן דאָס יעצט געהאַלטן פאַר אַ פאַרברעכן. דער פאָרשלאַג פון דיינע פריינד איז זייער אַ פיינער פונדעסטוועגן פריי איך זיך, אַז ס׳וועט דערפון גאָרנישט ווערן.

איך ווייס נישט, צו דו האָסט געוואָלט, אַז מיר זאָלן פאַרשטיין אַלץ, וואָס דו האָסט אונז געשריבן, נאָר איך מוז דיר מודה זיין, אַז איך האָב פון אים מער פאַרשטאַנען, ווי דיר דוכט זיך אויס. וועגן דעם, וואָס דו דערמאָנסט צום סוף, האָב איך זיך שוין פון לאַנג משער געווען. לאָמיר דערוועגן נישט רעדן, גוט? צום גליק, ווייסן זיי נישט וועגן וועמען דו רעדסט.

פון דער צייט אָן, וואָס דער קאַפּיטאַן קעלפּ איז געקו־מען צופאָרן האָט זיך אַלץ ביי אונז געענדערט צום ערגערן.

אַמערגסטן איז דאַמאָלט, ווען מען זעט עמעצן טרויעריק און מען קען אים נישט העלפן.

ליזע ליגט. ביי איר ענדיקט זיך אַלץ מיט קאָפּ און צאָן־ווייטיק. מיר קומט דאָס צונויף, ווייל איך לערן זיך דערווייל אויס קאָכן. פון מאָרגן אָן הויב איך אָן צו גיין אין וואַרשטאַט אַריין. מאַטעטאַ האָט נישט דורכגעלאָזן נאָך קיין איין טאָג. מאָרגאָט האַלט זיך כמעט נאָך צו גוט. דערוואַקסענע מענטשן טראָגן לייכטער איבער יסורים. זי ווייִנט לחלוטין, נישט. ווען זי הויבט

אָן צו שפּילן מוז איך אַנטלויפן פון צימער.

מאַמע, ווען דו וועסט זען דעם פּעטער ניעלס, זאָג אים, אַז נאָר איך מעג וויסן, ווען ס'וועט פּאַרקומען דער משפט. דאָס וועט שוין זיין גענוג.

דער פּעטער ניעלס האָט ביי זיי גענומען דאָס ערנוואָרט, אַז זיי וועלן נישט נעמען קיין צייטונגען אין די האַנט אַריין איידער ער וועט זיי נישט דערלויבן. ווי ס'ווייזט אויס, האַלט ער מיך פאַר גענוג דערוואַקסן און ער דערלויבט מיר זיי צו לייענען. נאָר אַ דאַנק זיינע אָנשטרענגונגען איז נאָך מער קיין זשורנאַליסטן צו אונז נישט געקומען. דער פּעטער פרעבען האָט אונז נעכטן געבראַכט אַ פּודלע געפּרעגלטע פּרוכטן. דער פּעטער ניעלס האָט אונז צוגעשיקט אַלע ווערק פון יאָנאַס לי. כ'האָב דערלויבט מאַרגאָטן צו לייענען אין בעט, ווען זי קען נישט איינשלאָפן.

דער קאַפּיטאַן קעלפּ האָט אונז געקויפט אַלפּאַגענע אַרבל, כדי מיר זאָלן אָפּשוינען די קליידער.

זיי זענען נישט שיין, מיר טוען זיי אָן נאָר פאַר זיין קומען. מאַרגאָט האַלט, אַז עס פילט זיך פון זיי מיט געפּגרטע מייז.

טייערע מאַמע, ווי שווער איז אונז דערמיט, וואָס מיר קענען דיך נישט זען, נאָר וואָס איז דאָס אַנטקעגן דיינע יסורים ?

מיר קושן דיינע הענט
דיין געטרייע טאָכטער
אילזעביל.

טייערע מאַמע !

אילזעביל האָט אונז צוגעזאָגט, אַז זי וועט דיר ענטפערן פאַר אונז, נאָר איך פון מיין זייט וויל נאָך צוגעבן אַ פּאָר ווערטער. אין משך פון די לעצטע טעג קלער איך זייער אַ סך וועגן דעם פערטן געבאָט. ווער עס האָט נישט קיין פאָטער, דער מוז זיין מוטער טאָפּלט שעצן און אַזוי טוען מיר טאַקע.

דאָס ערגסטע איז דאָס, וואָס די טעג גייען דורך אַזוי פּאַמעלעך. אויסערדעם האָט זיך שוין אַלץ צו ביסלעך איינגעאָרדנט און מאַרגאָט האָט שוין צוריק אָנגעהויבן עסן. זי עסט גאַנץ געשמאַק גראָבע לאַכמעס ראַזאָווע ברויט מיט מאַרגארין און טעגהט, אַז דאָס איז נאָך בעסער ווי פוטער. די אָפּטע אײַבונגען האָבן אַ ביסל אויסגעמאַטערט אילזעבילן, נאָר זי האָט זיך איינגעשפּאַרט, אַז זי וועט נישט גיין צו קיין דאָקטאָר. ס׳קען זיין, אַז זי וועט אַזוי אויך קומען צו זיך. סיי דער פעטער פרעבען און סיי דער קאַפּיטאַן קעלפּ פאַרגרינגערן איר נישט דאָס לעבן. מיר זענען שוין פיל רויִקער פון די מענער און באַהערשן זיך שוין שנעלער פון זיי. אילזעביל האַלט, אַז מיר פרויען זענען גיכער צוגעפּאַסט צו יסורים אַ דאַנק דעם, וואָס מיר געבוירן קינדער. דער פעטער ניעלס פירט זיך אויף בעסער פון זיי ביידע. אָן אים קען מען קיין זאַך נישט דערקענען אויסער אָן זיינע אויִגן. ער ברענגט מיר פרעכטיקע מאַרקעס. איך וויל זיי נישט צונעמען, ווייל כ׳ווייס, אַז דאָס נעמט ער זיי אַרויס פון זיין אייגענעם אַלבום. מאַמע, שרייב אָן מאַרגאָטן, זי זאָל נישט איבן מער ווי 8 שעה אַ טאָג. מיר זענען נישט בכוח איר אָפּצורייסן פון דער וויאָלאָנטשעל.

ס׳איז איבעריק דיר צו זאָגן, ווי שטאַרק מיר האָבן זיך דערפרייט מיט דיין בריוו.

איך שיק דיר איבער, מאַמע,
מיינע האַרציקסטע גרוסן.
דיין דיך ליבנדע מאַטטעאַ.

ליבע מאַמעשי, מעטטע טראַפּ!

אַזוי דאַרפסטו אויך הייסן ווייטער און צוליב אונז דאַרפסטו נישט חתונה האָבן. דעם, וואָס האָט זיך פון דיר אָפּגעקערט און געוויינט, האָב איך פיינט. כ׳וועל מער גאָרנישט זאָגן דערוועגן, נאָר איך בין נאָך נישט פונדעסטוועגן אַזאַ נאַר, ווי אילזעביל מיינט.

די צייטן קלער איך שטאַרק דערוועגן, ווי אַזוי איך זאָל קענען אַנהויבן פאַרדינען. ווען כ׳וועל האָבן וועלכע ס׳איז אויס-

זיבטן, ווען איך דיר דערוועגן שרייבן. הלוואי זאָל דער פליענ־דיקער האָלענדער״ ארויספאָרן פון דאַנען, ווי אמשנעלסטן! מ׳קען שוין פשוט פון אים נישט אויסהאַלטן! ער קאָמאַנדעוועט מיט אונז, ווי מיט זיין שטאַב אויף דער שיף. יאָננע און ליזע ווייִנען גאַנצע טעג. זיי וואָלטן בעסער געדאַרפט אָפּשפּאָרן, ווייל ס׳גייט אוועק צופיל געלט אויף הויז־הוצאות. דער פעטער פרעבען קען שוין מער נישט שפּילן, אזוי שטאַרק ציטערן אים די הענט. מיר לעבן דאָ אַזוי, ווי אַמאָל אין יאַמסדאָרף. קיין לעבעדיקן מענטש לאָזט מען נישט אַריין אין שטוב אַריין, צום טעלעפאָן גייט מען נישט צו. מ׳וואָלט נאָר געדאַרפט אַרומרינגלען דאָס הויז מיט אַ מויער, אויסגראָבן אַרום אַ ראָוו און מאַכן איבער אים אַ פּיקסיווע־בריק, צום גליק גיי איך שוין מער נישט אין שולע. אפשר וואָלט איך געקאָנט, מאַמעשי, שלאָפן אין דיין בעט, עס שטייט דאָך אינגאַנצן ליידיק? אילזעביל היט מיך אַפילו ביינאַכט און ווען איך שלאָף נישט, וועקט זי זיך אויך איבער. ס׳איז מיט איר שווער אויסצוהאַלטן. זי פרעגט מיך באַלד, צי איך וויין נישט. בשעת איך חזר מיר איבער „אַאַגע און עלזע״. אפשר וואָלסטו געוואָלט, מאַמעשי, אָנזאָגן די שוועסטערן, אַז זיי זאָלן מיר נישט שטערן שפּילן, וויפיל איך וויל נאָר. ווען די הענט טוען מיר וויי, לייג איך סיי־ווי־סיי אוועק די וויאָלאָנטשעל. מיין לערער איז צו מיר אַזוי גוט. מיט אַ פּאָר טעג צוריק האָט מיר זיין פרוי געבראַכט אויף דער לעקציע אַ פולן טעלער מיט קרעם־קיכלעך. זאָג, איז דאָס נישט פיין פון זיין זייט?

כ׳האָב אָנגעשריבן אַ לידל פאַר דיר, מאַמעשי. איך שפּיל עס זייער זעלטן, ווייל דאַמאָלט דוכט זיך מיר ווידער אויס, אַז דו פאַרדרייסט אין די זייטיקע גאַס און האָסט זיך אַפילו קיין איין מאָל נישט אומגעקוקט צו אונז.

דיין מאַרגאָט.

טייערע מאַמע!

מאַמעשי, ווי שטאַרק איך בענק נאָך דיר!

דער פעטער ניעלס האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט דיר

אָפּגעבן דעם בריוו. איך וויל דיר דעריבער שרייבן וועגן אַלעם, וואָס עס קען דיך פּאַראינטערעסירן, נאָר וועגן די ערשטע טעג וועל איך נישט דערמאָנען. גאָט זיי דאַנק, וואָס זיי זענען שוין הינטער אונז.

נישט אַזוי גרינג איז געווען זיי דורכצולעבן: דער פּעטער ניעלס האָט געוואָלט, אַז מיר זאָלן כסדר עסן מיטאָגן ביי אים. נאָכדעם ווי ליזע און יאָננע זענען אַוועקגעגאַנגען קלערט ער, אַז מיר וועלן נישט געננג גוט האָבן צו עסן. און אפשר האָט ער אונז געוואָלט אַזוי-אַרום העלפן? אויסערדעם האַלט ער אַז מיר דאַרפן נישט בלייבן אינגאַנצן אַליין אין שטוב. וואָס וואָלטן מיר באמת געטון צוזאַמען מיט אַ דערציערן?

דעם פּעטער פּרעבענס מוטער האָט אונז איבערגעשיקט דורך אַ לאָקיי איר וויזיט-קאַרטע. דאָס האָט אונז שטאַרק פאַר-וווּנדערט. זי קומט קיינמאָל נישט אַרויס אין גאַס אַריין. כ׳וועל דיר זאָגן דעם אמת, אַז כ׳האָב געקלערט, אַז דאָס איז געווען דעם פּעטער פּרעבענס אַ שטיקל, נאָר באַלד דערנאָך איז אָנגעקומען אַ בריוו. זי שרייבט אַזוי, אַז מען זעט איר פּנים דורך דעם בריוו. אַזוי ווי מיר זענען היינט אָן קיין שום שוץ, בעט זי, מיר זאָלן האַלטן סאָפּילונד פאַר אונזער היים, איינ-פּאַקן די מאַנאַטקעס און ווי אַמשנעלסטן קומען צו איר צו-פאָרן.

מיר האָבן תּיכף באַשלאָסן, אַז מיר וועלן נישט פאָרן. מיר וועלן נישט אָננעמען קיין איינלאַדונג פון אַ פרוי, וואָס האָט אונז נישט געוואָלט פריער קענען. מיר דאַרפן נישט קיינעמס רחמנות! אילזעביל האָט איר געענטפערט זייער העפלעך, אַז לעת עתה האָבן מיר אַנדערע פּלענער. צוליב דעם איז אויס-געבראָכן אַ גרויסע אַוואַנטורע מיטן פּעטער פּרעבען. פון יע-נער צייט אָן פאַרלירט ער אין שטוב ביי אונז גרעסערע סומעס געלט צו וועלכע ער וויל זיך נישט מודה זיין. מיר האָבן אים געוואָרנט, אַז מיר וועלן דאָס גאַנצע געלט אָפּטראָגן אין קאָ-מיסאַריאַט. דערוויילע האָט דאָס אַ ביסל געהאָלפן. די ווילדע חיות, וואָס ער כאַפּט בשעתן יאָגד, נעמען מיר צו, ווייל דאָס

קומט אים גאָרנישט און דאָס באַוויזט נאָר, אַז ער געדענקט וועגן אונז.

דער קאַפּיטאַן קעלף צייכנט זיך נישט אויס מיט קיין גע־וואַלדיקן טאַקט. ער באַגייט זיך מיט אונז, ווי מיט אָרימע יתומים. נישט פרעגנדיק אונז האָט ער באַשטימט אַ פּענסיע פאַר דער שטוב און געפאָדערט, אַז אילזעביל זאָל זי צונעמען. ס׳קען זיין, אַז דאָס איז זייער פיין פון זיין זייט, אַז ער האַנדלט, ווי אַ דזשענטלמען, נאָר דאָך פירט ער זיך אויף אַזוי, אַז מען גיט באַלד אַ קלער, אַז זיינע אבות האָבן געמוזט זיין נישט ספּעציעל קולטורעלע מענטשן.

מאַמע, דו ווילסט אפשר וויסן, ווי אַזוי מיר פירן די שטוב ?

אין דער שפּאָר־קאַסע האָבן מיר אַ קאַפּיטאַל, וואָס וועט קלעקן פאַר אונז אויף העכער אַ יאָר צייט, אַריינרעכענענדיק שטייערן, באַהייצונג, עלעקטרי־ און־ גאַז־באַלויכטונג, דעם דאָק־טאָר, נאָטן, לעקציעס און לערע פאַר מיר. אויב דו וועסט עס נישט האַלטן פאַר צופיל פאַרשווענדעריש, וועט מאַרגאָט פאָרן צוויי מאָל אין דער וואָך אויפן פערד. זי האָט דאָס ליב און די באַוועגונג וועט איר זיכער גוט מאַכן. אויפן צווייטן האַרבסט וועט אילזעביל ווערן אַ געהילף און איך, אויב ס׳וועט זיך מיר איינגעבן, וועל צו דערזעלבער צייט ענדיקן מיין לערע. מיר פּלאַנען צו עפענען אַ קליין געשעפט אינמיטן דער שטאָט, אויב מיר וועלן נאָר געפינען אַ לאָקאַל. מיר וואָלטן געוואָלט אויף אַ זייטיקע גאַס, ווייל דאָס מאַכט אַ בעסערן איינדרוק. איך האַלט, אַז לעדער מיט זילבער קענען גאַנץ גוט פאַרקויפט ווערן צוזאַמען. מיר האָבן זיך שוין אַלץ אָפּגעשמועסט. מיר דאַרפן קיינעם נישט צו הילף. מיר וועלן פרי אויפשטיין און אויפרוי־מען אַליין דאָס געוועלב, נאָך איידער אימיצער וועט אונז קענען באַמערקן.

יאָ, נאָך אַ זאַך ! כ׳האָב אַ שול־חברטע, וואָס איר ברוי־דער לייגט זוילן אויף שיך. אין משך פון צוויי שעה קען ער מיך דאָס אויסלערנען. דער גאַנצער וואַרשטאַט דערצו דאַרף

קאָסטן נישט מער ווי זעקס קראָן. מיט דער צייט וועלן מיר האָבן איינגעעבערענגט שפּאָר געלט, ווייל מיר צערייסן זייער אַ סך זוילן מיט אָבצאָסן.

אין משך פון דער צייט האָבן מיר זיך דערוווּסט, וויפיל מיר וואָלטן געקענט אָפּנעמען פאַרן פאַרדינגען אונזער גאַנצע ווילע צוזאַמען מיט די מעבל, אַ חוץ דאָס בויטיקסטע, וואָס מיר וואָלטן צוגענומען אין איין קליין צימערל אַריין. נאָר אילזעביל וויל דאָס נישט טון צוליב מאַרגאָטן. דו האָסט אַלעמאָל געזאָגט, אַז די גאַנצע ברייטע וועלט וועט זיין איר היים דאַמאָלט, ווען זי וועט ווערן אַ באַרימטע אַקטריסע. דעריבער ווילן מיר, אַז עס זאָל איר פאַרבלייבן דער גוטער זכרון פון דער אייגענער היים. די עפל ווערן גוט אָפּגעהיטן. אַ טייל וואָלט מען געקענט פאַרקויפן. פרוכטן זענען אָבער געזונט און זיי וועלן קאָנען פאַרטרעטן אַנדערע זאַכן, וואָס מ׳וועט נישט דאַרפן קויפן. אַזוי אַרום לוינט עס נישט אָוועקצוגעבן פאַר אַ פּאָר גראָשן.

מאַרגאָט שפּאָרט אַזוי שטאַרק, אַז עס ווערט אונז נישט גוט. זי זשאַלעוועט פשוט עסן. זי האָט באַקומען אַ מאַניע, אַז דאָס גאַנצע אומגליק איז געקומען דערפון, וואָס מען איז נישט געווען שפּאָרזאַם אין דערווירטשאַפט. לעצטנס האָבן מיר זיך צעקריגט איבער די טעפּיכער, וואָס זי האָט געוואָלט איינוויקלען צוליב קאָרגשאַפט. אילזעביל זאָגט, אַז די משוגעת וועט איר אינגיכן איבערגיין.

ליזע און יאָננע דאָס זענען צוויי בעקסן. מיר האָבן זיי ביידע געמוזט אַוועקשיקן אין קינאָ, אַזוי שטאַרק פאַרצווייפלט זענען זיי. מענטשן פון זייערע ספערן קענען זיך אַבסאָלוט נישט באַהערשן. זיי ווילן ביי אונז בלייבן אָן קיין שום פּענסיע. ליזע האָט בדעה צו באַקן קיכעלעך און פאַרקויפן אין אונזער געגנט. דער פעטער ניעלס האָט זיי רעקאָמענדירט אַ געוויסער באַראָנעסע. ס׳איז דאָרט אַ גרויס הויז. די דינערשאַפט איז אַ גרויסע און ס׳וועט זיי דאָרט גוט זיין.

עטלעכע שכנים האָבן געוואָלט מיט אונז פאַרבינדן וועלכע

ס׳איז באַציונגען און זיי האָבן געלאָזן זייערע וויזיט-קאַרטן. ווי שרעקלעך נישט סובטעל מענטשן קענען זיין! דער דאָקטאָר קיאַרס האָט אונז איבערגעשיקט ווייַנטרויבן פון זיין אייגענעם גאָרטן און דער דאָקטאָר פישער האָט אונז פאַרבעטן אויף אַ מוזיקאַלישן „פייף״, וואָס וועט פאָרקומען ביי אים אין שטוב. איך דאַרף דיר נישט דערציילן דערוועגן, אַז מיר גייען נישט אַרויס פונדערהיים. די וואָך דאַרפן מיר מאַכן אַ וועש. אונטער דער אויפזיכט פון יאַננען וועל איך מיט אילזעבילן וואַשן. אויב די וועש וועט נישט אויסקומען זייער ווייס, איז פאַרפאַלן!

כ׳האָב דיר שוין געשריבן וועגן אַלעמען און צווישן די שורות ווערסטו איבערלייענען אַ סך מערער.

דיין ליבנדע דיך טאָכטער

מאַטטעאַ.

טייערע ליבע מאַמע!

דער טאָג, אין וועלכן עס האָט געזאָלט פאָרקומען דער אורטייל, איז געווען, דוכט זיך, דער לענגסטער טאָג אין מיין לעבן. הגם איך האָב דאָס זייער שטאַרק געוואָלט,האָב איך פאַר מיינע שוועסטערן קיין שום זאַך נישט געקענט באַהאַלטן. קיינע פון אונז האָט נישט דערמאָנט פאַר דער צווייטער מיט קיין איין וואָרט. ס׳וואָלט געווען בעסער, ווען מיר וואָלטן אָפן גערעדט צווישן זיך. כ׳האָב מיר די גאַנצע צייט געהזרט, אַז אַ טויט-אורטייל איז פיל ערגער, נאָר דאָס האָט מיך ווייניק וואָס אינטערעסירט. מאַרגאָט האָט געאיבט אין משך פון גאַנצע אַכט שעה. כ׳וואָלט בעסער געוואָלט הערן, ווי זי שרייט די גאַנצע אַכט שעה, איידער אויסהערן דאָס שפּילן. מאַטטעאַ האָט זיך פאַרהאַלטן אינגאַנצן רויק, נאָר די הענט האָבן איר כסדר געציטערט ווי אין פיבער. מאָדנע, ווי שרעקלעך איינזאַם מ׳קען זיך פילן, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס מען איז זאַלבעדריט. יעדע פון אונז פילט זיך, ווי זי אַליין וואָלט געווען אַרומגערינגלט מיט שטיקער אייז. דעם פעטער פרעבענס מאַמע האָט אָנגעקלונגען צו אונז, אַז מיר זאָלן אים אַרויסבעטן הינטער

דער טיר, ווייל ער האַלט זיך ווי אַ משוגענער. מיר האָבן איס־ עשט געזען פאַרן אורטייל, און דערנאָך איז ער געווען רויקער ווי ווען עס איז אין זיין לעבן. דער פעטער ניעלס האָט אונז איבערגעגעבן דיינע לעצטע גרוסן. צום ערשטן מאָל האָב איך דערזען טרערן אין זיינע אויגן. איך הויב אים אָן שטאַרק ליב צו האָבן. איך דאַנק דיר, מאַמע, פאַר אים! עס איז אָבער אויך געווען איינער, וואָס האָט נישט געווינט. ער האָט נישט געקאָנט וויינען. שוין אַכט אַ זייגער אינדערפרי איז ער געווען ביי אונז. כ׳האָב זיך נאָך נישט באַוויזן אָפּצוּוואַשן און עפּעס אַרויפוואַרפן אויף זיך, ווי ער איז געקומען און בלייבנדיק שטיין אין דער טיר אַ פרעג געטון: „איר וועט מיך אפשר צולאָזן צו אייער קליינעם הויז־געזונטל״? איך האָב אים געוואָלט ענט־ פערן, אַז מיר האָבן נישט קיין הויז־געזונטל, נאָר כ׳האָב זיך באַקלערט, אַז מיר דאַרפן העלפן איינער דעם אַנדערן, נישט אָפּזונדערן זיך. ער איז געזעסן אין סאַלאָן, כדי נישט צו שטערן מאַרגאָטן. אין יענעם טאָג האָט מען נישט ספּעציעל געגעסן, פונדעסטוועגן האָט זיך מיר איינגעגעבן עפּעס אַריינצנויטן אין זיי. איך האָב אים זייער שטאַרק געבעטן און דאָך האָט ער זיך נישט גערירט פונם אָרט און נישט געוואָלט זיך זעצן מיט אונז צום טיש.

טייערע מיינע, ווי שווער דאָס איז צו פאַרנעמען דאָס אָרט פון דער עלטסטער אין דער צייט, ווען מען איז אַליין נישט פיל עלטער פון די אַנדערע. אין יענעם טאָג האָב איך געוואָלט זיין אינגאַנצן אַלט, כדי כ׳זאָל אַלץ פילן שוואַכער ווי יעצט. איך האָב נישט קיין חרטה, וואָס מיר ליידן אַזויפיל. דאָס איז דאָך דאָס איינציקע, וואָס מיר קענען טון פאַר דיר.

עס דוכט זיך אונז אויס, אַז דו ביסט אַוועקגעפאָרן פון אונז אַזוי ווייט און אויף קיין שום מאַפּע איז נישט אָנגע־ צייכנט דער וועג, וואָס וואָלט אונז געקאָנט דערפירן צו דיר.

מאַמע, איך ווייס, אַז מ׳וועט דיך פאַרמאַכן. דו וועסט

זיין אַליין. נאָר נישט איינזאַם. אַנדערע מחשבות זענען שטענדיק מיט דיר.

כ׳בין טרויעריק און דאָך רויקער ווי פריער. פון יעצט אָן ווייס איך, אַז קיין שום נייע שטראָף דראָט דיר נישט מער. איך גלויב, אַז עס וועט דיר דאָרט זיין נישט שלעכט. אַלע האָבן דיך אַזוי שטאַרק ליב, צי קען דען זיין אַנדערש?

עס קושט דיינע הענט
דיין דיך ליבנדע טאָכטער
אילזעביל.

ליבע מאַמע!

אַלץ איז אין אָרדענונג, נאָר דו ביסט נישט דאָ מיט אונז צוזאַמען. איך דאַנק דיר פאַר די גרוסן, וואָס דו האָסט אונז איבערגעשיקט דורכן פעטער ניעלס. דיין לעצטן קורצן בריוו האָבן מיר אַ סך מאָל געלייענט און מאַרגאָט האָט געבעטן, מ׳זאָל אים איר אַוועקגעבן אַלס אייגנטום. דו, מאַמע קענסט זיין וועגן אונז איינגאַנצן רויק. איך וואָלט דיר נישט געזאָגט דאָס אַלץ, ווען איך אַליין וואָלט עס נישט געווען. ליזע און יאָננע זענען שוין דאָ מער נישטאָ. מיר האָבן זיי פשוט מיט כוח געמוזט אַרויסבעטן פון דער שטוב. דעמזעלבן אָוונט 11 ביינאַכט זענען זיי געקומען אַ קוק טון, צי מיר געבן זיך אַליין אַן עצה. אילזעביל איז די קעכין, איך — די יונגערע און מאַרגאָט — די באַלעבאָסטע. פון אָנהויב איז די באַלעבאָסטע נישט געווען צופרידן פון איר דינערשאַפט און זי האָט אונז געמאַכט שטאַרקע פאָרווורפן. ענדלעך, האָט זי באַשלאָסן אונז צו שיילן יעדן טאָג קאַרטאָפל, נאָר מיר ביידע האָבן פאַרשטרייקט און יעצט איז שוין שטיל אין שטוב. דער פעטער ניעלס האָט אונז צוגעזאָגט, אַז ער וועט באַקומען די רשימה פון דער גאַנצער וואָך מיטאָגן. וואָס דו באַקומסט. אַזוי אַרום וועלן מיר קענען עסן דאָס זעלבע, וואָס דו.

דער פעטער ניעלס קומט צו אונז, ווי שטענדיק: יעדן זונטיק אויף מיטאָג. מיר מאַכן זיך נישט פון אים קיין ספּעציעלע עסקים. דער איינציקער לוקסוס, דאָס זענען פּאַנטשקעס.

וואַס ער האָט אַזוי ליב, הגם קאָסטן זיי נישט קיין סך, ווען מ'האָט אין שטוב קאָנפיטורן. דער פּראָפעסאָר פּאוּלי איז געווען ביי אונז מיט אַ וויזיט און האָט אונז געזאָגט בסוד, אַז אין הערבסט וועט שוין מאַרגאָט קענען אַרויסטרעטן עפנטלעך. דעם פּעטער פּרעבען האָבן מיר נאָך גאָרנישט געזאָגט. דער קאַפּיטאַן קעלפּ איז שוין אַוועקגעפאָרן. באמת, מיט אים איז אַזוי שווער אויסצוקומען! נאָר אילזעבילן אַליין גיט עס זיך טיימאָל איין.

צי קענסטו דיר, מאַמע, פאָרשטעלן דעם פּעטער פּרעבען ווי ער פּוצט אָפּ פון שטויב אונזערע פּערסישע דיוואַנעס? יעדן אָוונט רוים איך מיר צו אַלע צימערן, ווייל דער פּעטער פּרעבען האָט מיר שטאַרק געבעטן דערוועגן. פון אָנהויב האָט אים אילזעביל געגעבן אויסצודרינגען פון וואַסער אַ שמאַטקע. מיטן ערשטן מאָל האָט ער עס שוין געהאַט גענוג און מער נישט געוואָלט נעמען אין דער האַנט אַריין. אילזעביל אַרבעט אינם וואַרשטאַט פון 10 פרי ביז 4. די צייט איז פאַר איר די באַקוועמסטע, ווייל צום מיטאָג קויפט זי איין אַלץ נאָך אינדערפרי. זי קלערט תמיד וועגן אונז און קיינמאָל וועגן זיך. איך האָף, אַז וועסט זיך דאָרט צוביסלעך צוגעוווינען, וועסטו זיך נישט אַזוי לאַנגווייליקן. מאַרגאָט האָט אויפגעהאָנגען אַ קאַלענדאַר איבער איר בעט און יעדן אינדערפרי שטרייכט זי אויס איין טאָג. ס'איז אפשר קינדעריש פון איר זייט, נאָר איך פאַרשטיי זי זייער גוט. ס'איז זייער שווער אַרויסצושרייבן אַלץ, ווי מען קלערט. דו קענסט דאָס מיך און ממילא פאַרשטייסטו אַלץ.

הארציקע גרוסן פון דיין איבערגעגעבענער טאָכטער מאַטעאַ.

צו מיין מאַמעשי!

אילזעביל און אַלע אַרומיקע באַשווערן מיך אויף גאָט, איך זאָל זיין פאָרזיכטיקער, ווייל דער בריוו וועט נישט דערגיין צו דיר. נאָר אויב איך מוז זיין פאָרזיכטיק, וועל איך בע-

סער נישט שרייבן איך האָב קאָמפּאָנירט פאַר דיינעטוועגן איבּ-גאַנצן אַ נייע זאַך. דאָס וועט זיין געענדיקט יעצט דאַמאָלט, ווען מען וועט עס מיר אינסטרומענטירן. דעם לייט-מאָטיוו פירט דער ענגלישער האָרן. (דעם אינסטרומענט האָבּן מיר דאָך בּיי-דע ליב). ער גייט זיך ווייטער זיין וועג, ווי די זילבּערנע לבנה צווישן די שטערן. אויסערדעם זענען דאָרט פאַראַן בּלויז גלעקלעך, נישט קיין בים-באָם גלעקלעך, נאָר מעכטיקע גלאָקן, וועגן וועלכע דו האָסט מיר דערציילט, אַז האָסט זיי געהערט אין בּריגגע? אַזעלכע גלאָקן, וואָס האָסט נאָך קיינמאָל קיין שענערע נישט געהערט. איך הער אַליין, ווי זיי קלינגען. איך הער זיך צו צו זיי און טיילמאָל מאַכט עס אַזאַ רושם אויף מיר, אַז דער קאָפּ הויבּט מיר אָן וויי טון. אַזוי מוז עס אָבּער זיין, ווען נישט וואָלט אַלץ אַנטרינען געוואָרן אין מיר. דער פּראָפעסאָר פּאַולי זאָגט, אַז ס'איז בכלל זייער אַן אָריגינעלע זאַך. גלייכצייטיק רודפט ער מיך שטאַרק, פאַרוואָס איך האָבּ פאַרגאַכלעסיקט די טעאָריע. אין משך פון גאַנצע צוויי יאָר וועל איך נישט קענען אינסטרומענטירן, ווייל קיינער קען נישט דינען צו צוויי געטער: אָדער מען שאַפט אַליין, אָדער מען פירט אויס יענעמס. אָבּער דיין פאָטער האָט דאָך אויך גע-שאַפן און גלייכצייטיק אַליין דירעגירט! הלוואי זאָל עדיסאָן געפינען אַזאַ אַפּאַראַט, וואָס זאָל אָפּגעבּן די קלאַנגען וואָס מען הערט אין זיך!

איך מאַך יעצט אַ רשימה פון די אַלע מענטשן, וואָס זענען אויך געווען דאָרט, ווו דו בּיסט יעצט: מאַריע-אַנטואַ-נעט. גריפּפּענפעלדט, כריסטיאַן II, נאַפּאָלעאָן. זענען דאָס נישט קיין פיינע לייט?

דער פעטער ניעלס זאָגט, אַז די מענטשן, וואָס היטן אייך איר זאָלט נישט אַנטלויפן, זענען נישט קיין מענער נאָר פרויען! קענסט דיר פאָרשטעלן, ווי שטאַרק איך האָבּ זיך דערפרייט מיט דער בשורה.

אילזעבּיל איז וווּנדערלעך! איך האָרך איר כמעט אין אַלעמען, וואָס זי זאָגט מיר. איינער מוז דאָך האָבּן אַ דעה

אויף נישט וועט אויסקומען אַזאַ אָרדנונג ווי ביים פאַנאַנדער-טיילונג אין פאָלק. אילזעביל איז אָבער נישט גאָר קיין שפּאָר-זאַמע, זי וויל בשום אופן נישט קויפן קיין פערדס-פלייש, כאָטש אַ פערד איז די ריינסטע חיה. ווען זי זאָל כאָטש באַשטיין צו האָדעווען קראָליקעס, וואָלטן מיך דאָך געקענט פאַרדינען גאָר גרויס געלט, ווייל זיי מערן זיך זייער שנעל און דאָס גרינס פאַר זיי וואַקסט אין אונזער גאָרטן.

צוזאַמען מיטן פעטער פרעבען באַקוק איך אָפט זיינע קליי-דער. ס'שמעקט פון זיי מיט זיין ריח. אָפט פרעג איך אים אויס וועגן וועגנעדיג, וועגן דער זיפּך-בריק און אויך וועגן דעם, ווי איר זייט ביידע אין די לאַפּטשעס געלאָפן איבערן פלאַץ פון הייליקן מאַרק. אַמאָל זאָלט איר האָבן געקויפט אַ פאַפּירענעם טעלער מיט קרעפּ און מיט די צינגער האָט איר אים אויסגע-לעקט ביזן דנאָ. איך ווייס דערפון, נאָר איך וועל דערוועגן קיינעם נישט דערציילן. און די גרויסע משא רויזן מיט די יאַשטשערקעס!

יענע וואָך האָט ער אונז געבראַכט אַ גאַנצן קופּערטל מיט אייער. איך בין זיכער, אַז דאָס האָט ער צוגעלקחנט ביי זיין מוטער. די גרעסטע טייל איז געווען צעקוועטשט. אין דער יאַטשניצע זענען ארומגעשווומען לאַקירטע שיך מיט נאָטן. איך בין לעצטנס געוואָרן זייער פלייסיק און ווען קאַסאַלס וועט דאָסמאָל אַהערקומען — וועל איך אים עפּעס אויסשפּילן! דאָס איז נאָך וויכטיקער, ווי שפּילן אויף אַ קאָנצערט, הגם קאָנצערטן ברענגען פאַרדינסטן! ער דאַרף זאָגן מבינות, ווי איך באַהערש דעם סמיטשיק. זאָג, איז דאָס נישט פיין פון מיין פּראָפעסאָרס זייט? אמת, אַז ער מאַכט מיר אָפטע באַמער-קונגען, אַז איך רעד צופיל און כ'האָב פאַר אים ווייניק דרך ארץ. אָבער פאַר דיר האָב איך דרך ארץ און דו זאָגסט מיר קיינמאָל נישט איך זאָל שווייגן.

וואָס פאַר אַ גליק דאָס איז, אַז אויף דעם מענטשנס הענט ווערן גרעסער בשעתן וואַקסן. ווען איך שרייב צו דיר דוכט זיך מיר, אַז ס'איז געווען, כ'זאָל אויסציען די האַנט און

כ׳וועל דיך שוין קענען אָנרירן! כאָטש מיטן קלײנעם פינגער בלויז!

יעצט וועל איך נאָכאַמאָל איבערלײענען דאָס, וואָס איך האָב אָנגעשריבן. אויב ס׳איז דאָ פאַראַן עפּעס אומפאָרזיכטיקס וועל איך עס אויסשטרײכן נאָר, אַזוי, אַז זאָלסט עס פאָרט קענען איבערלײענען.

און אפשר איז אַ קוש אויך אַן אומפאָרזיכטיקײט?

דײן, דײן

מאַרגאָט.

איר וועט מיר דערלויבן, טײערע פרײַנדין, אײַך איבער־צושיקן מײנע האַרציקסטע גרוסן צום װײַנאַכט יום־טוב. אין דער ווילע גײט אַלץ זײער גוט. אויב ס׳איז דערלויבט אַ קריטיק, פאַר דעם צושויער, וועל איך האָבן די דרײסטקײט צו באַמערקן, אַז אַלע דאַמען אַרבעטן דאָ צופיל און זײ האָבן צו פיל רעדוצי־ט זײערע פאָדערונגען. ווי ווײט מעגלעך, וועל איך זען, זײ זאָלן אַנגענעם פאַרברענגען דעם יום־טוב. צום ערשטן וועלן מיר אַוועקגײן אויף אַ רעליגיעזן קאָנצערט אין דער אַפּאָסטאָלן-קירכע. אויפן צווײטן טאָג האָבן מיר אויסגע־קליבן טעאַטער. אין צווישנצײט אויב דאָס וועטער וועט דער־לויבן, וועלן מיר אַביסל פאָרן הינטער דער שטאָט. דער פּי־לאָטעליסטן-קלוב אָרדנט אײן זײער אַן אינטערעסאַנטע פאַר־זאַמלונג אויף וועלכע איך וויל מיטנעמען מאַטטעאַן. פאַרשטענ־דלעך, אַז דאָס וועט געשען מיט דער הסכמה פון די שוועס־טערן. דעם פערטן טאָג, נאָך יום-טוב פאָרן זײ אַוועק קײן סאָפּילונד. איך בין דערפון זײער צופרידן, ווײל די אַלטע פריציטע וועט מסתמא וויסן, ווי אַזוי אויף זײ אַכטונג צו טון.

מאַטטעאַ צײכנס יעצט מוסטערן צו אַ דרײפליגלדיקן פּאַראַוואַן פון גאָלדלעדער. זי מאַכט דאָס לויט די אַלט-דײטשע צפון-מאָטיוון. די אַרבעט פאַרנעמט איר זײער אַ סך צײט.

נישט לאַנג צוריק האָט מיך געטראָפן דער פּראָפּעסאָר פּאַאולי און האָט מיר געזאָגט, אַז מאַרגאָט האָט פאַר זיך אַ גרויסע צוקונפט.

און לייג דערביי צו דער טייערער פרוי און — אויך איר דערלויבט — דער ליבער פריינדין, מיינע האַרציקסטע גרוסן און ווערטער פון אָנערקענונג און דרך־ארץ

איר ניעלס פאָן ספּאַדע.

טייערע און בעסטע פון אַלע פרויען!

ס'איז באמת אַ סקאַנדאַל, וואָס דו מוזט דאָרט זיצן פאַר־שפּאַרט, בשעת אַנדערע מענטשן גייען אַרום פראַנק און פריי און, ווי זאָגט דאָס מיין מאַמע, ווען זי איז בייז, און זיי גנבענען די טעג ביי גאָט. אַגב, איז זי לעצטנס פּרעכטיק גע־שטימט. די האָפנונג, אַז מיר וועלן פאַרברענגען די ווייַנאַכט יום־טובים צוזאַמען מיט דיינע דריי מיידלעך, מאַכט העל אונ־זער גרוי ביז איצטיק לעבן אין סאַפּילונד. דו געדענקסט אפשר דעם פאַל, ווען די מאַמע האָט געוואָרפן מיטן לייכטער אין דער סטאַטוע פון ראָמולוסן און רעמוסן, וואָס זויגן צוזאַמען בַּ לייביכע. זי האָט געהאַלטן, אַז די לייביכע האָט אונז פאַר־בינדן, ווייל מיר האָבן זיך אויך באַקאָנט אין רוים. אין משך פון עטלעכע יאָר האָט מען נישט געטאָרט אפילו דערמאָנען אָט די שטאָט אין אונזער הויז. יעצט האָט זי באַשטעלט אַ נייע סטאַטוע פון ראָמולוסן און רעמוסן.

איך האַלט, אַז דאָס איז אַ סימן פון חרטה...

דערווייל קוילעט מען דאָ חזירים און מען שטאָפּט געגנז. איך אַנטלויף אין שטאָט אַריין פאַר מורא, מען זאָל מיך נישט הייסן אַליין אָנפּילן די ווורשטן.

גלויב מיר, מעטטע, אַז אָן דיר איז אין קאָפּענהאַגן אַזוי טונקל, ווי אין יענע׳ צייטן, ווען ס'האָבן זיך געקאָפּטשעט נאַפט־לעמפּלעך אין די גאַסן.

די מאַמע האָט מיר אָנגעזאָגט, אַז איך זאָל נישט שרייבן ווייל איך האָב נישט אין מיר אויף קיין האָר קיין טאַקט און ווייס נישט, וואָס מען מעג שרייבן, און וואָס נישט. אַגב, ווערן די בריִוו קאָנטראָלירט דורך דער דינערשאַפט.

איך פייף אָבער אויף איר, דאָס זענען נישט קיין מענטשן נאָר גולמס דורות!

איך וואָלט אַזוי שטאַרק וועלן צוריק ווערן אַ קליין יונ-געל. די מאַמע וואָלט אויסגעפּוצט פאַר מיר אַ כאַאינקע און דו וואָלסט געווען דער מלאך, וואָס הענגט אויבן איבער אַלע-מען, דו ביסט דאָך אַ פייערדיק-גאָלדיקער מלאך און די שענסטע פרוי, וואָס האָט ווען עס איז עקזיסטירט אויף דער וועלט!

איך שווער דיר, אַז אַלע מיינע ווערטער זענען אמת!

דיין פרעבען.

צו די פרוי מעטטע טראַפּ.

חשובע פרוי!

מיט אַ פּאָר יאָר צוריק האָט איר געהייסן פאַרזעצן אויף מיין פאָטערס קבר אַ קזשאַק מיט רויזן. כ'האָב היינט געפונען פאַרשפּעטיקטע קנאָספּן. נעמט זיי צו אַלס האַרציקע גרוסן פון מיין פאָטער, וואָס וואָלט זיכער געקענט זיך שטעלן אין אייער שוך. אייערע לעצטע ווערטער מאַטערן מיך אָן אַן אויפהער סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. דערלויבט מיר אייך אויסצודריקן מיין אָנערקענונג אין טיפסטן דרך ארץ.

אייער טאָמאַס סאָעלבערג.

טייערע מאַמעשי!

צי האָט געזאָלט זיין דער היינטיקער טונט אַ ווילליע? אויב אַזוי, פייף איך אויף אַלע ווילעס און טראָג זיך איבער צו דיר. כ'בין נישט מסכים מער אויף קיין שום ווילליע אָן דיר.

דער פעטער פרעבען איז אַהיימגעגאַנגען, פאַרענטפערנדיק זיך דערמיט, אַז ער קען נישט לאָזן זיין מאַמען אַליין אין שטוב. און אונזערער האָט ער געקאָנט לאָזן? איך וואָלט זיך קיינמאָל נישט געריבט דאָס אויף אים און פון היינט אָן גלויב איך שוין קיינעם נישט מער. היינטיקן טאָג איז ער געווען פאַרצווייפלט צוליב דיר מערער, ווי אַלעמאָל ווען איך וואָלט געווען שמשון הגבור, וואָלט איך צעלייגט די מויערן פון דער תפיסה ווען אפילו זיי וואָלטן צעשמעטערן אַלעמען, מיך צוזאַמען מיט זיי. מאַמע, מאַמעשי, דו הערסט? איך וויל נישט קיין ווייַנאַכט-יום-טובים אָן דיר!

אילזעביל מיט איר כאַזנקע! זי האָט געקאָנט קויפן אַ ביירנע צוקער אַ שטעקן צו אַ בעזים. עפּעס אַזאַ מיאוסעס, קליינס און צעריסנס, אַ פּאַסקודסטווע! אילזעביל גיט כסדר אויס געלט. זי מיט מאַטטעאַן האָבן אויסגעזען ווי די רוחות. דער פּעטער ניעלס איז געזעסן אין איין ווינקל און דער הער סאָלבערג (אַגב, צוליב וואָס קומט ער דאָ אַהער?) אינם צווייטן ווינקל און קיינער פון זיי האָט אַפילו דאָס מויל נישט געעפנט.

אַ פּרעכטיקע שטימונג. פּונקט ווי בעת אַ סעודה נאָך אַ לוויה, ווו די כאַינקע פּאַרטרעט אַ טרומנע. צום גליק איז יאַננע מיט ליזען געקומען עלף אַ זייגער. ליזע האָט אונז געבראַכט איר פּאַרציע גענזנס, ווייל זי האָט געקלערט, אַז מיר וועלן נישט מאַכן קיין בריווחדיקן אָוונטברויט...

זי האָט געמאַכט ביי זיך אַ פּודינג — דיין געליבט מאכל. ווייס טויג אונז דער פּודינג, אַז דו ביסט נישטאָ? דאָס קלענסטע שטיקעלע וואַקסט אינם מויל און קוים וואָס מ׳קען עס אַראָפּשלינגען. דער פּעטער ניעלס האָט מיר געגעבן זיין ערנוואָרט, אַז איר פּייערט אויך די ווייליע-נאַכט. איך גלויב איר אָבער נישט. כ׳בין איבערצייגט, אַז דווקא היינט, וועט מען אייך גאָרנישט געבן צום עסן, כדי איר זאָלט אַזוי-אַרום שטאַרקער פילן אייער שולד. כ׳בין זיכער דערין.

די אמתע ווייליע האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דאַמאָלט, ווען מיר זענען געבליבן אַליין. מיר האָבן צוגערוקט די קאַנאַפּע צו דיין בעט און מיר האָבן זיך זאַלבעדריט געזעצט אויף איר.

מיר האָבן זיך דערמאָנט אָן אַלע פאַרגאַנגענע ווייליע-אָוונטן. געדענקסט די צייט, ווען אונזער טויף-פּאָטער האָט נאָך געלעבט און פלעגט זיך איבערטון פאַרן הייליקן מיקאָלאַי?

און געדענקסט אפשר אָן יענעם יאָר, ווען די כאַינקע איז געשטאַנען אינמיטן דעם פאַרשנייטן גאָרטן? קיין איין ליכטל אַפילו איז אונז דאַמאָלט נישט פאַרלאָשן געוואָרן! און ווי דער טויף-פּאָטער האָט מיר געשאָנקען זיין וויאָלאָנטשעל, וואָס איז דאַמאָלט געווען פאַר מיר צו גרויס? כ׳האָב זי אַנידערגעלייגט

אינם בעט לעבן מיר און אַ גאַנצע נאַכט מורא געהאַט איך זאָל עפּעס נישט קאַליע מאַכן אין איר. דאָס דערמאָנט מיך אָן שלמהס משפּט, די פרוי וואָס האָט אַזוי מורא געהאַט פאַר איר קינד. דעם ערשטן טאָג האָבן מיר זיך דערמאָנט, ווי מיר פלעגן יעדעס יאָר אַריינגיין אין דיין צימער נאָך אין די נאַכט-העמ־דער און זאָגן דיר „גוטמאָרגן". נאָך אונז פלעגט נאָכגיין ליזע און יאָננע, וואָס האָט געטראָגן קאַווע מיט קוכן.

מאַמעשי, כ'האָב שטאַרק מורא, אפשר ביסטו טרויעריק! דו טאָרסט נישט זיין טרויעריק, מאַמעשי, דו טאָרסט נישט! ווען דו וועסט אַהיימקומען וועט אונז אַלעמען זיין בעסער ווי אין גן-עדן. מיר דוכט זיך, אַז כ'וועל זיך מער נישט צורירן צו דער וויאָלאָנטשעל, ביז וואַנען דו וועסט אַהיימקומען. אַגב האָט דער וויינאַכט-יום-טוב געדאַרפט הייסן דער „גרויסער פרייטיק".

דיין מאַרגאָט.

ליבע מאַמע!

קודם-כל ווינטש איך דיר אַ פריילעכן יום-טוב. אפשר קלינגט דאָס מאָדנע אין דיינע אויערן, נאָר איך קען נישט אַנדערש.

נעכטן האָבן מיר געהאַט באמת אַן אָנגענעמען אָוונט. דער פעטער פרעבען האָט אונז געבראַכט אַ מאַסע מתנות און זיין מוטער האָט אונז צוגעשיקט צו טוץ נאָזטיכלעך פאַר יעדערער פון אונז. אויף יעדער טוץ זענען געווען אויסגענייט די געהע־ריקע אותיות. מיר האָבן געהאַט באַשלאָסן גיין צופוס נאָך כריסטיאַנסהאַפן, נאָר אַזוי ווי דער פעטער פרעבען איז נאָך אונז געקומען, כדי מיר זאָלן זיך דורכפאָרן מיט דער קאַרעטע, איז שוין שווער געווען אים אָפּצוזאָגן. ווען מיר גייען צופוס צום מויער, וואָס רינגלט אַרום די תפיסה האָבן מיר דעם איינדרוק, אַז מיר זענען שוין גאָר נאָענט פון דיר. עס וואָלט דיר זיכער געווען אָנגענעם דער געדאַנק, אַז מיר געפינען זיך נישט ווייט פון דיין פענצטערל. נעכטן איז שוין אָבער געווען צו שפּעט צוצוגיין צופוס צו דיר. וועסט זיך אפשר וווּנדערן,

ווען כ׳וועל דיר זאָגן, אַז כ׳האָב די גאַנצע צייט געהאַט דעם איינדרוק, אַז דו געפינסט זיך צווישן אונז. ווי גוט וואָלט דאָס געווען, ווען מיר וואָלטן געקאָנט פאַרברענגען מיט דיר צוזאַמען כאָטש פינף מינוט, כאָטש איין מינוט, כדי דיר קענען בלויז ווינטשן אַ פריילעכן יום-טוב! אילזעביל האָט אַזוי שיין געדעקט צום טיש, ווי נאָר זי אַליין קען; זי האָט אויסגעפוצט דעם גאַנצן טיש מיט צווייגלעך כאָינע און מיט שישקעס. אָן דער זייט האָבן געברענט צוויי לייכטערס. ביים טיש איז געזעסן מיט אונז בלויז דער פעטער ניעלס. די גאַנצ איז געווען זייער גוט, נאָר מיר האָבן געהאַט צרות פון מאַרגאָטן, וואָס האָט גאָרנישט געוואָלט נעמען אין מויל אַריין.

האַלב צען אַ זייגער האָט מען אָנגעקלונגען און עס איז געקומען דער הער טאָמאַס סאָלבערג. ער האָט זיך געפרעגט, צי ער שטערט אונז נישט. וואָס האָבן מיר געקאָנט ענטפערן דערויף? אילזעביל האָט פאָרגעלייגט, אַז מ׳זאָל עפעס שפּילן פאַר די געסט. נאָר צופעליק איז מאַרגאָטן געפּלאַצט אַ סטרונע אין דער וויאָלאָנטשעל. כ׳בין זיכער, אַז זי האָט עס געטון בכיוון.

די כאָינקע איז געווען אַ קליינע נאָר גאָר אַ שיינע. זי איז געווען באַפּוצט בלויז מיט לאָמעטעטע און שניי, אַזוי ווי דער גרויסער גלאָק אין די האַרץ-בערג. מיר האָבן זיך אָפּגע-שמועסט צווישן זיך, אַז מיר וועלן זיך נישט געבן קיין שום מתנות. פון רעשטלעך סחורות, וואָס זענען געווען אין שטוב, האָב איך אויפגענייט עטלעכע שיינע זאַכן. דער פעטער ניעלס האָט געשאָנקען פאַר יעדערער פון אונז סחורה אויף אַ קאָסטיום פון בענדינגע סחורה, הגם ער וואָלט בעסער געוואָלט פאַר אונז בעררים סחורה. אַגב, איז נאָך אָנגעקומען אַן אַוויזאַציע אויף אַ פּעקל, וואָס ליגט אין פּאָסט (מסתמא פונם קאַפּיטאַן קעלער) און אַ טעלעגראַם פון הויל.

ליזע און יאָננע זענען געקומען זייער שפּעט, ווייל זייער באַראַנעסע האָט פאַרבעטן צום אָונטבערויט העכער 12 מענטשן. מיר האָבן פאַר זיי אויפגענייט צוויי שיינע קליידלעך פון וואַש-

זיידע, שטעל דיר פאָר זייער פריידי!

מ׳ר האָבן אַלע געשפּילט אין קאָרטן. דאָס געווינס זענען געווען מאַרצעפּאַנעס אָדער וויינטרויבן, אַ מתּנה פונם פּעטער פרעבען. ווי דו זעסט, האָבן מיר פאַרבראַכט דעם אָוונט גאַנץ אָנגענעם. אָבער אַ יום-טוב טאָג איז דער איינציקער טאָג, ווען מען פילט אַמשטאַרקסטן די אָפּוועזנהייט פון דער מוטער.

די האַרציקסטע גרוסן

פון דיין איבערגעגעבענער טאָכטער

מאַטטעאַ.

טייערע ליבע מאַמע!

געכטן ביינאַכט, בשעת דעם אָנצינדן די ליכטלעך ביי מאַרגאָטס כאַנע, האָב איך מיר געטראַכט, אַז אונז איז נאָך בעסער ווי אַ סך אַנדערע מענטשן. אונזערע פריינד האָבן זיך פשוט באמת איבערצושטייגן איינער דעם אַנדערן אינם פאַר-שאַפן אונז פאַרגעניגן. ווען מיר האָבן זיך געקליבן צו גיין צו דיר, איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַם פונם קאַפּיטאַן קעלפ מיט ווונטשן לכּבוד יום-טוב. מאַרגאָט האָט זיך געהאַלטן גאָר ליטיש. פאַרשטייסט מסתמא אַליין, אַז ס׳איז אונז געווען גאַנץ שווער אויפן האַרצן. מאַרגאָט האָט זיך נישט געוואָלט אַרויסרייסן פון דער שטוב, נאָר דער פעטער פרעבען האָט זי מיט כּוח אַריינ-געזעצט אין דער קאַרעטע. איך האַלט, אַז דאָס איז זייער פיין פון דעם הער ס. (דו ווייסט, וועמען איך מיין?) וואָס ער איז געקומען צו אונז צו גאַסט אין דער ווילי-נאַכט. ער מוז זיין זייער איינזאַם. כאָטש ער זיצט מיט אונז אַלעמען, דוכט זיך, אַז ער געפינט זיך אויף אַן אָפּגעזונדערטן אינזל. אמת, אַז זיין מוטער איז פון אמתע לוטרעס, נאָר ער האַלט זיך אַזוי, ווי ער וואָלט וואַרטן אויף אַ נדבה. דאָס מאָל האָב איך זי אים גע-געבן... זיי נישט בייז אויף מיר, מאַמע, נאָר איך קלער, אַז כ׳האָב געדאַרפט אַזוי האַנדלען. איך האָב אים געשאָנקען איינע פון זיינע אַמאַטאָרישע פאָטאָגראַפיעס, וואָס מ׳האָט אַמאָל גע-מאַכט אינם גאָרטן.

ער האָט מיר נישט געדאַנקט. נישט אַלעמאָל דאַרף מען דאָך עפּעס זאָגן.

ווי שטאַרק אַנדערש ס'איז געווען די היי־יאָריקע ווילינאַכט פון אַלע אַנדערע.

מיר האָבן זיך אַלע געריכט דערויף, אַז ס'וועט אַזוי זיין!

איך ווינטש, דיר, מאַמע, אַלעס בעסטע.

אַ פריילעכן יום־טוב און האַרציקע גרוסן.

פון דיין אילזעביל.

גוטע מעטטע טראַפּ!

איך באַנוץ זיך נישט מיטן וואָרט „פרוי", ווייל דערצו האָט איר נישט קיין רעכט און איך האָב פיינט דעם שקר. איר האָט שוין געוויס געהערט פון מיין זון, אַז איך האָב געהאַט דאָס גרויסע גליק צו האָבן אייערע טעכטער צו גאַסט ביי מיר אין משך פון עטלעכע טעג, מיין זון האָט שטענדיק דערציילט נסים וועגן אייך מיט אייערע טעכטער. איך האָב אים נישט געגלויבט, נאָר כ'האָב זיך שפּעטער איבערצייגט, אַז נישט אַלץ איז געווען ליגנט. אַ מאַמע, וואָס האָט געבראַכט אויף דער וועלט אַזעלכע דריי טעכטער, קען נישט זיין שלעכט. צו די קינדער קען מען גאָרנישט האָבן. איך געהער נישט צו די פרויען פון אַלטע פאָראורטיילן, נאָר איך האַלט, אַז אַ פרוי, וואָס וויל האָבן קינדער, מוז האָבן פריער חתונה געהאַט, אין קעגנטייל באַגייט זי אַ גרויסע שווינערייי לגבי אירע אייגענע קינדער.

נישט מיט גוטן און נישט מיט שלעכטן האָט זיך מיר נישט איינגעגעבן צו פאַרמיאוסן אייך אין פּרעבענס אויגן. כ'וואָלט בעסער וועלן, אַז ער זאָל בעסער חתונה האָבן מיט אַ יונגע, ריינע פרוי פון אַן אומבאַפלעקטער אויפפירונג. אַזוי ווי דער גורל האָט געוואָלט, אַז עס זאָל אַנדערש געשען, נאָך דערצו יעצט, ווען כ'האָב דערקאָנט אייערע טעכטער, מוז איך שוין איינגיין אויף אַלעם מיט אָפענע הענט וועל איך אייך צונעמען אין מיין שטוב, אַלס די פרוי פון מיין זון און די־

מוטער פון זיין קינד. איך בין זיך שוין משער, וועלכעס מיי-דעלע דאָס איז, הגם פרעבען שווייגט ווי אַ פאַרשאָלטענער. ער האָט מורא, ווייזט אויס, אַז איך זאָל זי נישט באַהאַנדלען אַנדערש, ווי אירע שוועסטערן. ביים היינטיקן טאָג פעלט אים נאָך אויך געגוג שכל, אַזוי ווי אַלעמאָל!

איך באַטאָן אייך דאָס איינציקע, אַז דאָס מיידעלע קען נישט בלייבן קיין אַקטריסע און מ׳קען זי נישט דערציען ווי אַ וווּנדערלעך קינד. דאָס איז נאָר אַן אויסרייד אויף צו באַווייזן זיך מיט איר אין צירק. זאָל זי זיך גרימפּלען ביי זיך אין שטוב און דאָס איז אַלץ. ס׳איז נישט פאַראַן קיין שום עקל-האַפטערע זאַך, ווי אַ יונג מיידל אויף דער בינע. אילזעביל האָט זייער אַ קלינגענדיקע שטימע, זי לייענט זייער שיין און איז זייער געדולדיק. ס׳איז באמת מאָדנע, אַז ביים לייענען סאָלבערגן רויטלט זי זיך, ווי אַ קאַרש. דער שריפטשטעלער רעדט דאָרט וועגן זאַכן, וואָס יעדער דאַרף וויסן.

דאָס וואָס איר זיצט אָפּ אייער שטראָף, האַלט איך פאַר אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך, דאָס מאַכט גאָרנישט קלענער אייער ווערט אין מיינע אויגן. זייט מיין מאַן איז געשטאָרבן מוז איך אויספירן די ראָל פונם באַלעבאָס פונם פאַרמעגן. ווען איך זאָל צולאָזן דעם פליי-קאָפּ, פרעבענען, צו דער פאַרוואַלטונג מיטן פאַרמעגן, וואָלט שוין היינט דערפון נישט געבליבן קיין שריט ופליט. ער וואָלט אַלץ געפּטרט, כּדי צו קויפן אַ ניי געיעג-פערדל. אויב איר וועט אים קענען האַלטן אין דער צוים, גיב איך אייך אַלץ אַוועק מיטן גאַנצן הארצן. וואָס שייך אייערע טעכטער, האַלט איך, אַז אַ מאַמע, וואָס האָט אַזעלכע קינדער, דאַרף זיך אַליין קענען גוט האַלטן צוליב זיי טאַקע. מיט איין וואָרט, איר זייט ווערט שמיץ. צום גליק פאַרמאָגן די טעכטער מער כאַראַקטער פון זייער מוטער. צום סוף, בעט איך גאָט, וואָס איז דער בעסטער היטער, אַז ער זאָל אייך געדענקען. מיין זון האָט געקענט מאַכן נאָך אַן ערגערן אויסוואַל. אויף מענטשנס רייד האָב איך קיינמאָל נישט געלייגט קיין אַכט.

מיט פריינדשאַפט

איר אורשולע גראַא.

מײַן טײַערע אײנציקע מאַמעשי!

אילזעביל האָט מיר נישט געװאָלט געבן קײן פּאַפּיר, נאָר איך בין שױן אױפגעשטאַנען און קען מיר שױן אַלײן נעמען. הגם איך האָב זיך געפילט זײער שלעכט, פרײ איך זיך דערפון, װײל כ'האָב זיך דערװוסט װעגן אַזעלכע זאַכן, װעגן װעלכע כ'האָב ביזן הײנטיקן טאָג נישט געװוּסט. אַזױ איז עס געװען: אין סאפּילוגד האָבן מיר געהאַט אַ צימער מיט אַ באַלקאָן. כ'האָב פון אים געװאָלט קוקן אױפן שפּיץ פון דעם זיבן-באַרג, װײל אפשר קוקסטו צופעליק אַרױס פון דאָרטן. ס'איז אָנגעפאַלן אַ שנײ און איך בין געשטאַנען באָרװעס, אַ חוץ דעם בין איך אַרײנגעפאַלן אין אַ ראָװ, נאָר מ'האָט מיך תיכּף אַרױסגעצױגן, צום גליק בין איך ערשט קראַנק געװאָרן דאָ אין שטוב און איך קען ליגן אין דײן בעט. קײן שום זאַך האָט מיר ספּעציעל נישט װײ געטון, נאָר כ'האָב געפילט אַ שטאַרקע מידיקײט און די זײט האָט אַ ביסל געשטאָכן. אַזױ װי כ'האָב אָבער דער-הערט װי דער דאָקטאָר האָט געזאָגט צו אילזעבילן: „מיר מוזן זײן אױף אַלעמען גרײט", — האָב איך מיר אַ טראַכט געטון: אַהאַ, מסתמא װעל איך שױן בקרוב אָפּשטאַרבן. דעם אמת געזאָגט, האָב איך געדאַרפט זײן טרױעריק דערפון, נאָר כ'האָב מיך כּסדר געטרײסט, אַז עס װעט נאָך נישט זײן אַזױ שלעכט. דאָס גלױבן איז בכּוח אױפצורײסן בערג און איך װעל װײזן דעם אידיאָט-דאָקטאָר, אַז כ'װעל שטאַרבן דאַמאָלט װען כ'װעל װעלן. און כ'בין טאַקע נישט געשטאָרבן!

אין דער ביבל זענען פאַראַן גרױסע אמתן. לײען זי אײ-בער, מ'װעט דאָך דיר דאָרט נישט פאַרװערן צו לײענען. גוט, װאָס דאָס איז אַזאַ דיק בוך. איך אַלײן װעל אױך מוזן דאָס אינגאַנצן דורכשטודירן. דאָס ערגסטע איז געװען דאָס, װאָס זײ זענען געגאַנגען אױף די שפּיץ-נעגל און האָבן גערעדט גאָר שטיל. כ'װאָלט בעסער װעלן זײ זאָלן מיר שפּילן נעבן בעט אױף אַ קאַטאַרינקע. דערנאָך איז מיך באַפאַלן אַ שרעקלעכע מידיקײט (כ'האָב דאַמאָלט געמוזט האָבן שטאַרקע היץ) און ס'האָט זיך מיר כּסדר אױסגערוכט, אַז איך מוז שטאַרבן. איך בין גאָר-

ביסט געווען מוטיק! כ'האָב זיך שרעקלעך געפילט. כ'בין גע־
לעגן און כסדר גערעדט: „מאַמע, מאַמע, מאַמע"! מיטאַמאָל
האָב איך דערפילט אין מיר עפּעס אַ גלויבן און דערגאַך... ביס־
טו געקומען צו מיר!

איך ווייס שוין איצט, אַז דו ביסט נישט געווען. דו האָסט
דאָך נישט געוווסט, אַז איך האָב געהאַט אַ לונגען-אָנצינדונג.
אַ חוץ דעם טאָר מען פון דאָרטן נישט אַרויסגיין, ווען אַפילו
עס זאָלן עמעצן אויסשטאַרבן אַלע קינדער. פונדעסטוועגן ביסטו
געקומען! ביסט געבליבן שטיין אין דער טיר. האָסט געטראָגן
דאָס פוטער און דעם הוט פון בער, האָסט געהאַט פאַרוואָרפן
די וואָאַלקע אויפן אַקסל. דו האָסט נישט אויסגערעדט קיין איין
וואָרט, נאַר האָסט מיר געגעבן פלערליי סימנים; איך קען זיך
אויף זיינע באַוועגונגען. פאַרוואָס ביסטו נישט צוגעגאַנגען צו
מיר און מיך אָנגערירט כאָטש מיט איין פינגער, ס'איז דאָך
סיי-ווי-סיי געווען פינצטער. לאַנג נאָך דיין אַוועקגיין האָט זיך
געטראָגן אין צימער דער ריח פון דיינע פערפומען. כ'בין זי־
כער, אַז דערפאַר איז מיר גרינגער געוואָרן צו אָטעמען. כ'האָב
קיינעם נישט דערציילט קיין וואָרט דערוועגן. זיי וואָלטן באַלד
געהאַלטן, אַז דאָס איז מיינס אַ אימאַגינאַציע. אפשר זענען זיי
גערעכט? אַפילו ווען דו וועסט מיר, מאַמעשי, זאָגן, אַז ביסט
לחלוטין נישט געווען אינדרויסן, וועל איך אויך גלויבן, אַז
ביסט זיכער געווען ביי מיר. ס'קען זיין, אַז מ'קען זיך צעטיילן
אויף צוויי העלפטן, בשעת מ'האָט אַ קראַנק קינד און אַזוי־
אַרום קען מען באַווייזן צו זיין גלייכצייטיק אין צוויי
ערטער?

יעצט נאָך אַ זאַך. כ'וואָלט דיר געוואָלט זייער פאָרזיכ־
טיק באַשרייבן אַלץ, נאָר איך צווייפל צו כ'וועל עס באַווייזן.
הער זיך איין, מאַמעשי, בשעת מיין קרענק פלעגט דער פעטער
ניעלס כסדר יעדן טאָג קומען אַהער. דער חער ט. ס. איז אויך
געקומען (אַגב, האָט ער געמעגט בלייבן ביי זיך אינדערהיים).
נאָר ס'איז געווען עמעצער, וואָס איז געקומען צו מיר דריי
מאָל אַ טאָג. ער האָט געווינט אינם דערבייאיקן האָטעל און

האָט נישט אָפּגעטרעטן פון מיין בעט די גאַנצע צייט פון מיין קרענק. וואָס זאָגסטו, ווער איז דאָס געווען און פאַרוואָס האָט ער עס געטון? איינמאָל בייננאַכט האָב איך זיך איבערגעוועקט און דערזען אים ווי ער קניט לעבן מיין בעט און... וויינט. לייען איבער דעם אָפּזאַץ נאָכאַמאָל און ווערסט פאַרשטיין. ביז יעצט האָט מיך קיינמאָל נישט אינטערעסירט די פראַגע ווער ער איז, נאָר אויב איך האָב געטראָפן איז ער נישט דער, פאַר וועלכן כ'האָב אים ביז יעצט געהאַלטן. אויב אַזוי קען זיין, אַז כ'האָב געירשנט דעם מוזיקאַלישן טאַלענט פון דיין פאָטער?

זיי זענען זיך נישט משער אין קיין זאַך... זאָג זיי נישט אויס, אַז כ'האָב געטראָפן דעם אמת, אויב זיי אַליין פאַרשטייען דאָס נישט, דאַרפן זיי פון קיין זאַך נישט וויסן. כ'בין אַלץ אַליין דערגאַנגען. כ'האָב אים גאָר שטאַרק ליב און גאָר אויף אַן אַנ-דערן אופן ווי ביז יעצט, כאָטש ער איז נישט קיין שטאַרקער מאַן, ווייל שטאַרקע מענער וויינען נישט. כ'האָב געלייענט, אַז אַ מאַן איז אַ בוים אַרום וועלכן ס'וויקלט זיך אַרום אַ שוואַך געוויקס — די פרוי. איך קוק זיך אָפּט צו צו אים און ס'דוכט זיך מיר, אַז ער ווייסט וועגן אַלעמען. כ'האָב פאַרלוירן דרייצן פונט. כ'מוז דערפאַר אויפעסן זייער אַ סך אייער. נאָר זיי קאָסטן אונז גאָר-נישט, ווייל זיין מוטער שיקט זיי אונז פונם דאָרף צוזאַמען מיט פאָרטוויין און קאַקאַאָ. ווען זי זאָל וויסן, וואָס איך בין אירס!

דער פעטער ניעלס זאָגט, אַז די קראַנקע ביי אייך האָבן איך אַ בעסערע, באַזונדערע קיך. איך זאָרג זיך שטאַרק. וואָס מ'וועט דאַרפן באַצאָלן דעם דאָקטאָר אַ סך געלט פאַר זיינע וויזיטן.

פאַרבלייב געזונט, מאַמעשי און איך דאַנק דיר דערפאַר, וואָס דו ביסט צו מיר געקומען.

אין סאַפּילונד איז געווען גרויסאַרטיק. ס'איז דאָרט פאַ-ראַן זייער אַ סך אַלפּע זאַכן און מ'קען זיך אָנקוקן צו דער זעט. אין גאָרטן שטייען פאַרשידענע דענקמאָלן: איינעם פעלט אַ האַנט, דעם צווייטן אַ פוס, דער דריטער איז בכלל אָן אַ קאָפּ. איך וויל שוין שפּילן; נאָר ביים גיין טרייסלען זיך מיר

די פיס און אילזעביל האָט מיר באַהאַלטן דעם סמיטשיק.

איך האָב אייך ביידן: דער מאַמען און דעם... איך דאַרף שוין מער גאָרנישט.

ווען זיי וואָלטן געוווסט, וואָס איך האָב דאָ אָנגעשריבן!

דיין מ אַ ר ג אָ ט.

טייערע ליבע מאַמע!

מאַרגאָט איז געווען אַביסל שלאָף, נאָר יעצט איז זי שוין אינגאַנצן געזונט. זי איז געווען עטוואָס פאַרקילט. איך האָב אָפּגעטון אַ זאַך, פאַר וועלכער וועסט מיך זיכער נישט לויבן, נאָר איך וועל דיר דערציילן וועגן איר ערשט דאַמאָלט, ווען מיר וועלן זיך זען. דערווייל שרייב איך דיר נאָך גאָר־נישט וועגן סאָפּילונד, ווי עס איז אונז געווען ווונדערבאַר. אינ־דערהיים האָב איך אַביסל פאַרנאַכלעסיקט דאָס ווירטשאַפט און איך מוז זיך יעצט פעסט נעמען צו דער אַרבעט. מעגסט זיין אינגאַנצן רויק, מאַרגאָט איז שוין אויפגעשטאַנען. כ׳וואָלט וועלן וויסן, ווי אַזוי מיר זאָלן זיך פירן ווייטער אין פאַל, ווען איינע פון אונז זאָל נישט געזונט ווערן; צי זאָלן מיר דיר שרייבן דערוועגן צי נישט. היינט וועל איך דיר שיקן בלויז אַ קורצן בריוו. מאַטעאַ וויל צושרייבן און מאַרגאָט הייסט דיך גרוסן.

האַרציקע גרוסן פון דיין געטרייע טאָכטער

א י ל ז ע ב י ל.

טייערע מאַמע.

מאַרגאָט איז געווען נישט געזונט נאָר דאָס איז געווען אַ קלייניקייט; זי האָט עטוואָס געהוסט און געהאַט אַ קאַטאַר. אַלץ איז שוין פאָריבער און מאַרגאָט איז שוין ווידער אין אַ גוטער שטימונג. מיר האָבן גערעדט דערוועגן, צי אין פאַל, ווען עמי־צער פון נאָענטע קרובים ווערט קראַנק, קענסטו באַקומען אַן ערלויבעניש צו באַזוכן דעם קראַנקן. איך פרעג זיך דאָס נאָר פאַרבייגייענדיק, אויפן פאַל, ווען עס זאָל אימיצן פון אונז עפּעס געשען. ס׳איז גאָרנישט אַזוי גרינג פאַר מיר מיט אילזעבילן צו

טראָגן די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר אַלעם. כ׳בין גע-
בליבן אינדערהיים אויף עטלעכע טעג, כדי צו העלפן אילזעבילן.
מאַרגאָט האָט די גאַנצע צייט נאָר געוואָרפן די קאָלדרע פון זיך.
דו ווערסט מיר ענטפערן אויף מיינע פראַגעס? געדענק, אַז פראַ-
געס, וואָס ווערן געלאָזן אָן אַן ענטפער מאַטערן שטאַרק.

אויסערדעם גייט אַלץ ווי אַמבעסטן. אין סאַפּילונד איז גע-
ווען הערלעך, נאָר מיר ווילן בעסער זיין ביי זיך אינדערהיים.
אָן אַ צאָל הארציקע גרוסן.

דיין איבערגעגעבענע מ אַ ט ט ע.

געליבטע מעטטע!

כ׳האָב אויסגעטרונקען צוויי פלעשער שאַמפּאַנער און איך
האָב זיי נישט דערפילט נישט אין קאָפּ און נישט אין די פיס.
איצט וואָלט איך זיך גערן געלייגט אויף אַ שאָסיי און גע-
שלאָפן, געשלאָפן אָן אַ סוף. מיר זענען שוין אַלץ איבערגעקו-
מען! דאָסמאָל איז די קליינע נישט געשטאָרבן און מיר קומט
דערפאַר אַ שבת, ווייל כ׳האָב אים מיר פאַרדינט. איך ד׳האָב
געשוויגן, ווי אַ קבר! אייגנטלעך האָב איך אויסגעהאַלטן נאָך
לענגער, ווי מ׳קען עס פאָדערן פון אַ מענטש. אָבער כ׳האָב
געשוויגן. זי איז נאָר געלעגן און כסדר דיך גערופן, איך האָב
מיר אַ קלער געטון: דו ווערסט באַלד דערזען דיין מאַמען. איך
וואָלט זי אויף די הענט צוגעטראָגן צו דיר, נאָר זי איז נאָך
געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט און אין דרויסן איז אַ פראָסט. כ׳האָב
אָנגערעדט אילזעבילן זי זאָל אָנטאָן דיינע קליידער, כ׳האָב
זי אָנגעפּערפומירט מיט דיינע פּערפומען און זי האָט זיך גע-
שטעלט אין דער טיר, מאַכנדיק צו מאַרגאָטן טייל באַוועגונגען
מיט די הענט, אינם צימער איז דאָס ליכט ספּעציעל געווען
פאַרשטעלט.

ס׳האָט זיך איינגעגעבן! אַלץ איז גוט אַרויסגעקומען.
ווען זי זאָל זיך האָבן משער געווען, וואָס דאָ איז געשען,
וואָלט איך געפילט אַ טענה צו זיך, וואָס האָט מען אָבער גע-
קאָנט טון?

יעצט איז מאַרגאָט בלייך און דאַר נאָר די רעקאָנוואַלעס-צענץ גייט פאָרויס.

כ'בין כסדר געזעסן ביי איר בעט און האָב געשפּילט אויף דעם פידל. אַ נישט-געבעטענער האָב איך זיך איבערגע-טראָגן אין דער ווילדע אַריין. זיי רויק, קיינער איז מיך אין קיין זאַך נישט חושד, איך בין ווייטער פאַר אַלעמען דער פע-טער פּרעבען. האָסט נישט קיין השגה, ווי די דריי וואָכן האָבן מיך געעלטערט. איך בויג זיך פּשוט אונטער די לאַסט פון מיי-נע 37 יאָר. דו וועסט זיך מער נישט קענען באַרימען דערמיט, וואָס דו ביסט עלטער פון מיר.

דאָס קינד וועט זיין געזונט, מעטטע, מעטטע! זי איז קראַנק געוואָרן, ווייל זי איז אַריינגעפאַלן אין אַ ראָוו און איז געלעגן אויף דער הוילער ערד, כּדי צו פּרוּוון, ווי עס שלאָפט זיך אויף דיין טאַפּטשאַן!!! מעטטע, איך וואָלט באַשטאַנען צו האָבן מיט דיר אַפילו דרייצן קינדער, ווען זיי זאָלן זיין ענ-לעך צו דיר.

עס דוכט זיך מיר, אַז עס זענען שוין פאַרביי גאַנצע הונדערטער יאָרן פון דער צייט, ווען מיר האָבןביידע געשפּאַ-צירט אין אָרוויעטאָ, שיכּור פון גליק ביים שיין פון דער זון.

ווען מאַרגאָט נעמט טיילמאָל מיין האַנט און ווישט מיט איר אירע באַקן, האָב איך דעם איינדרוק, אַז זי איז זיך משער אין עפּעס, ווי עס ווייזט אויס, איז עס אַ זאַך פון אינסטינקט. זאָג מיר, דו וואָלסט נישט געוואָלט שוין יעצט וווינען אין אונזער גוט? יעצט, ווען די מאַמע האָט דיך אָנער-קענט, ביסטו געוואָרן פאַר איר אַן אויג אין קאָפּ און קיינער איז שוין נישט בכּוח דיר צוצונעמען איר ליבע, אַפילו ווען דו זאָלסט זיין אַן אונטערצינדערין, אַ פאַבריקאַנטקע פון מלאכים-לעך אָדער אַ באַנדיטקע...

געדענקסט דעם רעגן אין דער ווילדע ד'עסט? ווי שווער דו ביסט דאַמאָלס געווען! קוים, וואָס איך האָב דיך געקאָנט דערטראָגן; אָבער איך האָב געבענטשט דיין טייערן קערפּער און דיינע דינע פיס...

אונזער מיידעלע שפּילט אויף דער וויאָלאָנטשעלע, פּונקט ווי סאַפאָ האָט אַמאָל געשריבן לידער. דו קענסט אפשר סאַפאָ? מסתמא נישט, דו ביסט דאָך גאָר אַן עם־הארץ אין דער קונסט. סאַפאָ איז געווען גרויס! און מיר זענען געווען פול מיט מוזיק. מעטטע!... מעטטע!... אַנטשולדיק מיר פאַר דעם אומגעלומפערטן בריוו. נאָר גיב אַ קלער: צוויי פלאַשן שאַמפּאַנ־ ווײַן און דריי נעכט, וואָס איך בין אָפּגעזעסן ביים בעט. איך, מעטטע, האָב יעצט דאָס ערשטע מאָל דעם איינדרוק, אַז מיינע יאָרן זענען נישט דורכגעגאַנגען מיט גאָרנישט.

פּרעבען.

ליבע מאַמעשי!

איך האָב מיר געקויפט די „זכרונות פון עלעאָנאָרע אול־ פעלד" פאַר מיין אייגן געלט... דו וועסט זיכער נישט טרעפן פון וואַנען איך האָב זיי?

איך גיב לעקציעס און האָב שילער.

אמתדיקע, לעבעדיקע שילער וואָס צאָלן געלט. דריי קאַ־ ראָן פאַר אַ שעה. איך האַלט, אַז דאָס איז וווּנדערבאַר צו האָבן נישט מער ווי צען שילער אַ טאָג און באַקומען פאַר דעם אַ מאַסע געלט.

איצט האָב איך נאָך נישט אַזוי פיל, נאָר מיט דער צייט וועל איך קריגן אַפילו צען קאָראָן פאַר אַ שעה. אַזוי צאָלט זיך. ווייסטו ווי אַזוי דאָס אַלץ איז געשען?

אַנאָנסן קאָסטן זייער פיל געלט און מען קען גאָרנישט זיין זיכער מיט זיי. אַלזאָ האָב איך אַליין געמאַכט אַ פּלאַקאַט און אים אויפגעהאָנגען איבער דעם קעסטל פון בריוו אין עק גאַס:

„איך לערן שפּילן אויף דער וויאָלאָנטשעל, גרופּנווייז, 3 קאָראָן פאַר אַ שעה, ווילאַ בירקלעי."

ווען איך זאָל אויפגעבן נאָך אַ ביליגערן פּרייז, וואָלט מען נישט געהאַט קיין צוטרוי צו מיין אַרבעט. כ'בין געשטאַ־ נען אין פענצטער און אויסגעקוקט, פּונקט אַזוי ווי דאַמאָלט, ווען כ'פלעג אין ווינטער אַרויסשיטן ברעקלעך פאַר די פייגל.

אין איינעם א טאָג זענען געקומען דריי מענטשן: אַלץ שכנים די יונגסטע פון סעלהעיעס, די מיט די לאָקן, א זיבניעריק, זיס מיידעלע און האָט דערביי זייער א גוטן געהער, די צווייטע איז אַזוי מוזיקאַליש, ווי די פיס פון טיש. דו ווייסט דאָך דאָס איז די, וואָס גרימפּלט שטענדיק אויפן פּאָרטעפּיאַן דעם „כאָר פון פּילגרימען״ אַגב לערנט זי אויפן אוניווערסיטעט. איצט ווייטער דעם גינעקאָלאָגס פרוי, פרוי באַנג, די פון אַקעגנאיבער. זי איז שוין אינגאַנצן גרוי נאָר זי קען שוין עפּעס.

א חוץ זיי איז קיינער נישט געקומען און מאַטטעאַ, וואָס מאַכט פון יעדער נאַרישקייט אַ גאַנץ עסק, האָט אַראָפּגענומען דאָס קוויטל און געצוואונגען מיך מוסרן, אַז דאָס פּאַסט נישט פאַר מיר, אַז איך דאַרף אָפּהיטן מיין כבוד און נישט אַליין מיר מאַכן רעקלאַמע. זי איז פונקט אַזוי ווי דער „פליענדיקער האָלענדער״ ווען ער וואָרטשעט, איך פייף מיר אויף דעם אַלעמען! אין אַ פּאָר חדשים אַרום, ווען כ׳וועל מאַכן גרעסערע פּאָרשריטן און וועל שוין גוט קענען שפּילן, וועל איך בעטן דעם פּראָפעסאָר פּאָולי און ער וועט מיר געבן זייער א סך שילער. דאָס איז דאָך אָפּהענגיק נאָר פון אים, איך וועל זיי שוין צוהיטן זיי זאָלן זיך א סך איבן.

די פרוי באַנג האָט מיך באַלד צום ערשטן זונטיק פאַרבעטן אויף מיטאָג. איך האָב איר געדאַנקט און געזאָגט, אַז מיר אַליין ריכטן זיך אויף געסט, איך קלער, אַז דעם פעטער ניעלס קען מען האַלטן פאַר א גאַסט. טאָמאַס ס. קומט יעדן זונטיק אָבער נאָר אויף טיי. כ׳האָב מורא, אַז אין א קורצע צייט אַרום וועט ער אינגאַנצן אויפהערן רעדן. ווען ער פרעגט אונז: „צי האָט—איר—עפּעס—געהערט—וועגן דער מאַמען!״ פאַרהאַלט ער זיך צווישן איין וואָרט און דעם אַנדערן גאַנצע פינף מינוט און ער זאָגט עס אַזוי, ווי מען פרעגט זיך וועגן אימיצנס טויט. ווען ער וואָלט געווען א בילדל וואָלט איך עס אויפגעהאָנגען איבער מיין בעט. דאָס ביכל האָב איך שוין איבערגעלייענט צוויי מאָל. ליידער דערמאָנט דאָס ווייניק אָן דיר. אין יענע צייטן האָבן זיך מענטשן באַנוצט מיט ערגערע אויסדרוקן

ווי די, פאַר וועלכע איך באַקום פון דיר אַ גאַנץ היבשע עליה ווען איך זאָג זיי נאָר אַדויס.

דו ווייסט, מאַמעשי, וואָס איך טו זייער אָפט ? איך עפן מיר אַ ביכל, לייג עס אַרויף אויפן פולפּיט און לויט די אותיות שפּיל איך אויס די טענער. עס קומט דערפון אַרויס עפּעס, וואָס איז כמעט ענלעך צו אַן אָפּערע.

ווען איך וועל זיין עלטער, וועל איך אפשר אויסטראַכטן אַזאַ אָפּערע. עטלעכע מאָטיוון האָב איך שוין דערצו צוגע־גרייט. מאַטעטאַ האָט באַקומען אַ באַשטעלונג אויף זעקס שטולן מיט געגילדטע לעדער. דער פעטער ניעלס האָט דאָס באַשטעלט אין זיין עס־צימער אַריין. אַ דאַנק מיר, קויפט די פרוי באַנג דעם פּאַראַוואַן און זי האָט נאָך געוואָלט אַ קויש צו פּאַפּיר. ווי דו זעסט, האָט מאַטעטאַ זייער אַ סך אַרבעט. איך פּיק פאַר איר די שיך און וויש אָפּ דעם שטויב יעדן טאָג. זי האָט זיך צוקאַליעטשעט אַ פינגער ביי דער רעכטער האַנט, נאָר זי מאַכט זיך גאָרנישט דערפון.

„דער פליענדיקער האָלענדער" האָט צוגעשיקט אילזעבילן אַ משעק אויף אָן אַ שיער געלט. ער שיקט אָפּ דעם חוב, וואָס דו זאָלסט אַמאָל האָבן אים געבאָרגט. אילזעביל איז אפילו נישט צוגעגאַנגען אין באַנק אַריין נאָכן געלט. מיר דאַרפן נישט קיין פרעמד געלט. פון מיינע פאַרדינסטן האָב איך באַצאָלט פאַר די אָבצאַסן, וואַקס, נייע סטרונעס און נאָטן פון אַ וווּנ־דערבאַרן סיבעליוס, וועלכן כ'האָב תיכּף געקאָנט פון אויסנ־ווייניק.

פינלאַנד מוז זיין אַ פּרעכטיק לאַנד, קענסט עס דאָך מסתמא. איך האָב שוין אַוועקגעטראָגן אין באַנק אַריין דרייצן קראָן.

ווען די זון שיינט איז נישקשה; ווען עס איז אָבער קאַלט, עס רעגנט און דער ווינט בלאָזט און דערצו מוזטו אַרומ־שפּאַצירן אויפן קליינעם הויפל, ווי פערד אַרום דער מיל אין סאָפּילונד, לייד איך שטאַרק, קלערנדיק דערוועגן.

ווען דו זאָלסט כאָטש וועלן באַשרייבן אַלע דיינע אי־

בערלעבונגען, אזוי ווי עלעאָנאָרע אולפעלד האָט דאָס געטון! איך וועל צו זיי פאַרפאַסן מוזיק; זי וועט זיין הערלעך. צום מיטאָג באַקומען מיר אַלץ דאָסזעלבע, וואָס דו. בלויז זונטיק איז אַביסל אַנדערש, ווייל אילזעביל שעמט זיך פאַרן פעטער ניעלס. איך האַלט, אַז זי איז נישט קלוג דערמיט, ווייל ער ווייסט סיי ווי סיי דערוועגן, ווי מיר לעבן. איך בעט דיך, זאָלסט אין מיין נאָמען גרוסן דעם אינספעקטאָר. דער פעטער ניעלס זאָגט, אַז ער איז זייער אַן אָרנטלעכער מענטש. גריס אויך דעם גלח, וועגן וועלכן איך האָב גאָרנישט געהערט, ווי אויך די, וואָס היטן די טירן. איך קלער, אַז דאָס געהער נישט צו די גרויסע פאַרגעניגנס צו היטן טירן אין משך פון גאַנצע טעג. כ׳וואָלט שוין ליבערשט געוואָלט זיין אַ הויף־הונט, ווייל ער זעט כאָטש פאַרשידענע מענטשן און חיות, וואָס גייען כסדר אַריין און אַרויס.

זייער אַ פעסטן קוש פון
מאַרגאָט.

טייער, געליבטע מאַמע!

עס האָט זיך שוין געענדיקט דאָס רוימען פון די שטובן. מאַטמע האָט אַזוי גוט אויסגערייניקט די טאַפּעטן אינם עס־צימער, אַז זיי זעען אויס, ווי נייע. יאָננע און ליזע זענען נעכטן געקומען אויף אַן אינספעקציע און האָבן געזאָגט, אַז זיי וואָלטן דאָס אויך נישט בעסער געמאַכט. צום צווייטן מאָל וועלן מיר צוגיסן ווייניקער אַמאָניאַק צום וואַסער, ווייל דאָס פּטרט צופיל די הענט. מאַרגאָט האָט געפוצט דאָס זילבערוואַרג, מעש און ניקל. קענסט דיר שוין פאָרשטעלן, ווי זי האָט אויסגעזען.

כדי אונז צו מאַכן אַ סופּריז האָט זי אויסגעפוצט דעם ניקלענעם אויוון מיט גראַפּיט! כ׳האָב נישט געהאַט קיין האַרץ איר עפּעס וואָס צו זאָגן, נאָר כ׳האָב אים לאַנג דערנאָך געמוזט רייבן און מיר האָבן נאָר געהאַט אַ דאָפּלטע אַרבעט.

מאַרגאָט האָט היינט זיבן תּלמידים. פינף זענען פון די שכנים. דער פּראָפעסאָר האָט צו מיר געקלונגען און מיר אָנגע־

זאָגט, אַז זי זאָל מער קיינעם נישט אָננעמען. זי אַליין מוז זיך גרייטן צום קאָנצערט, וואָס וועט פאָרקומען אין הערבסט. עס איז נאָך פאַראַן געגוג צייט נאָר איך קלער שוין דערוועגן, וואָס פאַראַ קליידל מ׳וועט איר מאַכן. זי איז צו שלאַנק אויף אַ קינדער-קליידל, קיין זיידנס וויל זי נישט און סאַמעט וועט זי אויסזען צו אַלט. אפשר זאָל איך נעמען שופאָן? אַ קליידל אין דינינקע פאַלדלעך, אינגאַנצן אַ גלייכער פאַסאָן. וואָס זאָגסטו דערצו? אגב, ווען מ׳זאָל ערנסט אַ טראַכט טון וועט דאָך דער קאָנצערט זיין אַ גרויס געשעעניש אין אונזער לעבן. אַלץ ווערט אָבער וואָכענדיקער און נישטיקער אויפן געדאַנק, אַז דו וועסט נישט זיין מיט אונז.

דער קאַפּיטאַן קעלפּ איז דאָ ווידער געווען כמעט אַ גאַנ-צע וואָך. דאָס מאָל איז אַלץ אַוועק בעסער. יעדן טאָג האָבן מיר ביידע, איך און ער, געשפּאַצירט אַרום זיין הויז. פאַרשטעג-דלעך אַז דו האָסט דערפון גאָרנישט געקאָנט וויסן! כ׳האָב אַן איינדרוק אַז ער איז צופרידן פון אונזער אַרט לעבן. ער קלערט די צייטן זיך קויפן נישט קיין גרויס הויז אין שטאָט און בלייבן דאָ וווינען אויף אַ געוויסע צייט: ער וויל איך זאָל אים צו-העלפן און אויסקלויבן מעבל און איינאָרדנען די דירה. מאַטטעאַ זאָגט, אַז דאָס טוט ער אַלץ צוליב דעם, ער זאָל אונז בעסער קענען אָפּהיטן. איך האַלט אַז דאָס איז זייער שיין פון זיין זייט.

מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלייגן זיך אַ געמיזע-גאָרטן. ס׳איז פאַראַן געגוג אָרט און מיר וועלן זיך איינבערעגגען אַסך געלט קודם כל דערפאַר, וואָס מיר וועלן אַליין זיך פאַרנעמען מיט אים. מאַרגאָט זעט אויס גוואַלדיק קאָמיש, ווען זי קלויבט ווערים אויף דאָס פערד-מיסט פאַר אונזער טויער. זי זאַמלט דאָס פאַרן גאָרטן.

דער הער ט. ס. איז געווען ביי אונז בשעת דער גרעסטער אונאָרדנונג אין שטוב. ער זעט אויס זייער שלעכט. ער רייבט כסדר די הענט, ווי עס וואָלט אים געווען זייער קאַלט, הגם ס׳זענען היינט היצן אינדרויסן. ער האָט אונז געבעטן, אַז מיר

זאָלן דעם קינפטיקן זונטיק פאָרן מיט אים באַקוקן אַ גוט, וואָס ער וויל קויפן אין דרום שוועדן, און בכלל אים זיין באַהילפיק אין דעם ענין.

דעם פעטער ניעלס האָט ער אויך פאַרבעטן. עס דוכט זיך מיר, אַז ער האַנדלט אונטערוועגן אַ גרויס גוט, אַ דאַנק זיין איינגעבוירענער באַשיידנקייט, דערמאָנט קיינמאָל נישט דערוועגן. עס זאָל דאָרט זיין אַ פּאַרק, אַ וואַלד, אַן אָזערע, פערד-געיעג, מיט איין וואָרט עס גייט דאָ נישט וועגן אַ קליין גוט. מאַרגאָט וויל אָבער נישט פאָרן. זי איז שטענדיק צוזאַמען מיטן פעטער פּרעבען. זיי זענען היינט געגאַנגען מעסטן צום שניידער. זי באַקומט פון זיין מאַמען אַ נייע אַמאַזאָנקע, ווייל פון דער אַלטער איז זי אויסגעוואַקסן. כ׳בין זייער צופרידן, וואָס זי וועט ווידער אָנהויבן פאָרן אויף אַ פערד. פון שטאַרקער פלייסיקייט צו דער אַרבעט האָט זי לעצטנס זייער ווייניק באַוועגונג.

אפשר מאַטער איך דיך מיט מיין בריוו? איך רעד כסדר וועגן אונז און נאָך דערצו קיין שום אינטערסאַנטעס. דו ביסט שטענדיק מיט אונז, ווייל מיר הערן נישט אויף צו רעדן וועגן דיר. אָפט דוכט זיך מיר אויס, אַז דו ביסט אַוועקגעגאַנגען אין ביוראָ אָדער דו זיצסט אין שכנותדיקן צימער. דיינע בריוו זענען אַזעלכע קורצע. מאַרגאָט דערציילט אונז אַסך, וואָס זי לייענט צווישן די שורות פון דיינע בריוו. דאָס זענען אָבער בלויז סברות. אויב דו ווילסט מיר זאָלן דיך באַזוכן, שרייב אונז אָן, ווי אַזוי מיר זאָלן דאָס מאַכן. דו שטעלסט דיר מסתמא פאָר, וואָס פאַראַ פרייד דאָס וואָלט געווען פאַר אונז. דו פון דיין זייט טו אַלץ דאָס, וואָס דו האַלסט פאַר נויטיק. עס איז שוין פאַר אונז זייער פיל דער פאַקט, וואָס דו מעגסט שרייבן צו אונז. דאָס פּאַפּיר, וואָס דו האָסט געהאַלטן אין דיינע הענט איז פאַר אונז אַ הייליקייט. טייערע, ליבע מאַמע.

דיין געטרייע

אילזעביל

פ. ס. איך מיט מאַטעשן האָבן מורא, אַז מאַרגאָט שרייבט צו דיר בריוו, אויסער אונזער וויסן. דורך אונזערע בריוו שיקט

זי שטענדיק איבער פאַר דיר בלויז גרוסן. אַזוי ווי דו קענסט נישט מער דערהאַלטן קיין בריוו, ווי איינעם אין משך פון אַ חודש, וואָלט געהען אַ גרויסער שאָד, אַז אירע בריוו זאָלן נישט דערגיין צו דיר.

טייערע מאַמע!

כ׳האָב זיך זייער שטאַרק דערפרייט. כ׳האָב דיר אַלעמאָל אַסך צו זאָגן. קודם כל האָב איך שוין געענדיקט אַלע זעקס שטולן און דאָס געלט האָב איך גלייך אַוועקגעטראָגן אין באַנק. די באַדינגונגען זענען פאָלגענדע: באַוואָרנונג אויף זעקס חדשים און אויף 5 פראָצענט. כ׳האַלט עס פאַר אַ דרייסטקייט פון מיין זייט, וואָס כ׳האָב זיך גענומען צום באַאַרבעטן אַזאַ ערנסט באַשטעלונג, נאָר דער פעטער ניעלס האָט דאָס געפאָדערט פון מיר, ווייל קיינער קען נישט אַזוי גוט זיין געשמאַק, ווי איך. ס׳איז אפילו אַביסל ענגלעך אין צימער מיט די שטולן נאָר זיי פאַסן אָבער זייער גוט צום סטיל פון אַלץ אַרום. מיר האָבן זיך אַביסל צעקריגט וועגן דעם פרייז. איך האָב אים נישט געקאָנט רעכענען צופיל און דער פעטער ניעלס האָט, ווי אַלעמאָל, אַביסל אַ צו ברייטע האַנט, ווי דו פלעגסט שטענדיק זאָגן. כ׳האָב געבעטן דעם פראָפעסאָר נאָנסען, ער זאָל באַשטימען דעם פרייז. ער האָט זייער געלויבט די פינקטלעכקייט פון מיין אַרבעט.

כ׳האָב געהאָרכט מאַרגאָטס עצה און איך קלויב מיר אַ קאָלעקציע פון פאַסקעס. דער פעטער ניעלס העלפט מיר אינעם אויסזוכן מאָטיוון פונם אַלט-גערמאַנישן מוזעאום. כ׳קלער צוגיין צו איללום, ווינקעל אָדער מאַגנוס. מאַרגאָט ראַט מיך, אַז איך זאָל אָנהויבן אויסאַרבעטן ווייכע לעדערנע קאַפּעלושן און זיי באַפּוצן מיט גאָלד.

נישט לאַנג האָט דער פעטער ניעלס איינגעאָרדנט אַן אויפנאַמע. איך בין דאָרט געווען די איינציקע פרוי. אחוץ מיר זענען נאָך געווען דריי פילאָטעליסטן-פּראַבצויזן, וואָס האָבן זיך דאָ פאַרהאַלטן אויף אָפּרו. איינער פון זיי מאַכט איצט אַן אויס-

שטעלונג פון זיינע מאַרקעס פון שטאָקהאָלם. אין אַ קליין קעס־טעלע ענלעך צו דיינס, האָט ער מיר געוויזן מאַרקעס פון לענדער. דער צווייטער האָט געהאַלטן מאַרקעס אין אַ לע־דערנעם פּאָרטפעל, פאַרמאַכט אין אַ גרויסער טעקע, וואָס איז געווען אין אַ שטאָלערנעם קעסטעלע אויף אַ פּרעכטיק שלעסעלע. דאָס אַלץ האָט ער ווידער געטראָגן אין אַ פאַר־מאַכטער טעקע, אַ גנב וואָלט געדאַרפט נישט ווייניק אַרבעט דערמיט. דער פעטער ניעלס זאָגט, אַז אַלע, וואָס קלייבן קאָ־לעקציעס זענען גנבים דערמיט, וואָס זיי קענען נישט באַהערשן זייער שוואַכקייט. כ׳האָב טאַקע מורא געקריגן וועגן מיין אַר־גענטינער און אַלט־דענישער מאַרקע, וואָס זענען אַגב כמעט ווערטלאָז.

אין יעדער הינזיכט איז אונז גוט. נאָר איין געביט מאַ־טערט אונז: וויפיל מאָל ווער פון אונז גייט אַרויס פון שטוב, קלערט זי אויפן וועג אַהיים, אַז אפשר ביסטו שוין אין שטוב?

דאָס זענען בלויז נערוון, ווייל ס׳איז דאָך אויסגעשלאָסן אַז דו זאָלסט יעצט אַהערקומען. ביסט טאַקע נישטאָ! און אַלע־מאָל דיזעלבע אַנטוישונג. מיר גייען כמעט קיינמאָל נישט אַרויס אַלע דריי צוזאַמען, ווייל מיר קלערן, אַז דאַמאָלט קענסטו דערווייל קומען. טיילמאָל איז עס אַ גרויסע קונץ צו זיין אַזוי אויפריכטיק, ווי מען וואָלט געוואָלט. דאָס נעמט זיך דערפון, וואָס מיר קלערן כסדר נאָר וועגן דיר, אַגב, זענען מיר אַרויס־געפאָרן פון דער היים, כדי צו באַקוקן דאָס גוט אין שוועדן. דאָס איז אַן אַלט גוט, אַרומגערינגלט מיט ביימער, אַ סך הע־כערע, ווי מען טרעפט אין דענעמאַרק. די שטאַלן זענען פּרעכ־טיק איינגעאָרדנט. נישט קוקנדיק אויף דעם אַלעם איז דערביי שווער צו בלייבן ביי אַ גוטער שטימונג. דער הער סאָעלבערג ווירקט אויף אונז זייער אומהיימלעך. הגם ער איז זייער העפלעך.

מאַרגאָט האָט אָנגעשריבן אַ פּועם, וואָס איז זיכער גוט צוזאַמענגעשטעלט. די מעלאָדיע — כמעט ווי אַ פשוט האַר־ציק פאָלקס־לידל. טיילמאָל טרוים איך וועגן טאַלענט. ס׳איז זייער שווער צו לעבן מיטן באַוווסטזיין, אַז מען איז אַ דורכ־

גיטלעכער מענטש. יאַננע טענהט שטענדיק, אַז עס מוזן אויך זיין מענטשן, וואָס ווילן זיין פעיִק צו זעצן קרויט. זי איז גערעכט; איך געהער צו זיי. אילזעביל, צום ביישפּיל, פאַרמאָגט נישט די פעיִקייטן וואָס מאַרגאָט, נאָר דאָך קען זי פון אַלעמען אַרויסציִען די געהעריקע נוצן פאַר זיך. פון הערן פּאָעזיע אָדער קוקן אויף דער זון אָדער אַ בוים, קען זי אַלעמאָל עפּעס אַרויסדרינגען פאַר זיך. אין דעם פּרט פעלט מיר פאַנטאַזיע. דער פעטער ניעלט טרייסט מיך און זאָגט, אַז דאָס איז דווקא גוט, וואָס איך בין אַזאַ, ווי איך בין. איך ווייס אָבער, אַז ער האָט נישט קיין קריטעריום מיך אָפּצושאַצן דערפאַר, ווייל ער האָט מיך ליב. מיר שפּאַרן זיך קיינמאָל נישט און אין יעדער זאַך זענען מיר כמעט ווי איינשטימיק.

דוכט זיך מיר, אַז דו וואָלסט געווען פון אונז צופרידן. וואָס לענגער אָבער דאָס געדויערט, אַלץ שווערער איז אויסצוקומען אָן דיר.

דיין איבערגעגעבענע מ א ט ט ע א.

ליבע מאַמעשי!

איך האָב אָפּגעטון עפּעס שלעכטס און יעצט האָב איך צרות, אַז איך קען קיינעם נישט דערציילן דערוועגן.

זיי וועלן זיך בייזערן אויף מיר כאָטש איך אַליין זאָרג זיך שוין גענוג צוליב דעם. דיר וועל איך אָבער אַלץ דערציילן, ווייל איך האָב דאָס אַלץ געטון צוליב דיר.

דו ווייסט דאָך, מאַמעשי, אַז איך האָב שוין פון לאַנג צוריק געטרוימט דערוועגן, אַז איך זאָל שפּילן אויף דער לאָטעריע. איך האָב געשפּאָרט יעדן גראָשן פון דעם געלט, וואָס כ׳האָב אָפּגענומען פאַר די לעקציעס אַזוי גענוי, אַז מ׳האָט מיר שוין אויפמערקזאַם געמאַכט אויף מיין קאַרגשאַפט. מיטאַמאָל איז מיר איינגעפאַלן, אַז איך וואָלט געקענט פאַרדינען אַ סך געלט. איך האָב דיר געוואָלט מאַכן אַ סורפּריז ווען דו וועסט אַהיימקומען אָדער אַליין צו דעקן דיין גאַנצן חוב. פאַרוואָס זאָל דאָס טון בלויז אילזעביל מיט מאַטטעאַן? דו ביסט

דאָך אויך מיין מאַמע. איך האָב גענומען בלויז דריי אָכטלעך. איך קלער, אַז דאָס איז נישט קיין סך. איך האָב נישט גע-קאָנט שלאָפן פון אומגעדולדיקייט. צוויי צעטלען האָב איך פאַרשפּילט, נאָר אויפן דריטן, דעם נומער 7754 איז געפאַלן 200 קראָן דאָס הייסט פאַר מיר 25 קראָן.

איך בין געווען זיכער, אַז דאָס איז יעצט דער אָנהויב פונם גרויסן געווינס און איך האָב באַדאַרפט זיך שוין דערמיט באַנוגנען. איך האָב אָבער שטילערהייט אַרויסגעצויגן פון שופ-לאָד מיין שפּאָר-ביכעלע פון באַנק. דאָס איז געווען אַ גאַנץ שווער שטיקל אַרבעט, ווייל אילזעבּיל היט מיך אויף יעדן שריט. איך גיב דיר מיין ערן וואָרט, אַז איך האָב נאָר געוואָלט נע-מען נישט מער, ווי 10 צעטלען. ווען איך בין אָבער געקומען אין באַנק אַריין, האָט מיר עפּעס אַ זאָג געטון, אַז אויף 50 צעטלען מוז פאַלן דאָס גרויסע געווינס. איך האָב זיי טאַקע גע-קויפט. קיין איינציק צעטל האָט אָבער נישט געוווּנען! ווען עס וואָלט געווען אין איין צעטל אָנשטאָט אַ פיר געשטאַנען אַ פינף, וואָלט איך באַקומען 2000 קראָן. איך עס מיר שטאַרק אָפּ דאָס האַרץ און דו קענסט דיר גאָרנישט פאָרשטעלן, ווי דערשלאָגן איך בין פון דעם אַלעמען. דאָס ערגסטע באַשטייט דערין, וואָס איך קען זיך נישט באַהערשן, אַז איך זאָל נישט וועלן ווייטער פּרוּוון מיין גליק. עפּעס אַזוי, ווי איך וואָלט געווען פאַרהיפּנאָטיזירט. מען קען זיך דאַמאָלט גאָרנישט איינ-האַלטן, הגם דער מענטש זאָגט זיך: איך וויל נישט.

ווען דו וועסט מיר מער נישט הייסן שפּילן, צוליב דעם ווייל דו ביסט שטאַרק פאַרזאָרגט צוליב מיר, קענסטו זיין זי-כער, אַז איך וועל טאַקע מער נישט שפּילן. דערפאַר שרייב איך דיר דערוועגן.

זאָלסט זיך זיין בייז אויף מיר צוליב דעם געלט, ווען איך וועל נאָר אָנהויבן אַרויסטרעטן, וועל איך פאַרדינען אָן אַ שיעור געלט. פאַרשטייט זיך, אַז פון דעם ערשטן אַרויסטריט וועל איך נאָך גאָרנישט האָבן, ווייל דאַמאָלט ווייסט נאָך נישט קיינער צו מען קען עפּעס. מען קען דרייסט געבן יעדן טאָג

אַ קאָנצערט און זונטיק צוויי איינעם נאָכמיטאָג און איינעם ביינאַכט. דו ווערסט זען, מאַמע, וויפיל געלט איך וועל דיר אהיימברענגען. איך טאָר נישט שפּילן לענגער, ווי פיר שעה אַ טאָג. דער פּראָפעסאָר האָט מיר געשטעלט דעם באַדינג. אַ חוץ דעם, מוז איך אויפּעסן צוויי אייער יעדן טאָג. איך האַלט, אַז דאָס איז אַ הולטייסטווע און אויסבערענגעריי, הגם אַ געוויסער הער, וואָס הייסט פּעטער פּרעבען, ברענגט זיי מיר יעדן טאָג און אַזוי אַרום קאָסטן זיי מיך גאָרנישט.

מאַמעשי, בעט דעם אינספּעקטאָר, אַז ער זאָל דיר אָפּגעבן דעם בריוו, ווייל ער איז זייער וויכטיק, הגם ער איז נישט פּאָרזיכטיק געשריבן. כ׳וואָלט זייער וועלן, אַז קיינער אַ חוץ מיר, זאָל נישט לייענען דיין ענטפער. לעצטנס זוכן מיר שטאַרק דיין מוטערס קבר. דער פּעטער ניעלס האָט עפּעס אויסגעפונען, אַז דאָס געפינט זיך אין מערב-זייט פון בית-עולם זונטיק גייען מיר דאָרט אַהין. איך קלער, אַז דאָס וועט נישט אָנקומען אַזוי לייכט, ווייל נישט איין פרוי הייסט בעאַטע און אפשר איז פאַראַן עטלעכע בעאַטעס טראַפּ. אויב מיר וועלן אויסגעפינען דעם קבר וועלן מיר דאָרט פאַרזעצן אַ סך שיינע בלומען. צי קלערסטו נישט, אַז דאָס מוז זיין זייער אַנגענעם צו פפלעגן אַ פאַרנאַכלעסיקטן קבר? מען ווייסט נאָך נישט, צי איך וועל שפּילן צוזאַמען מיטן אָרקעסטער. מיין פּראָפעסאָר וויל עס דווקא דורכפירן. ער האַלט, אַז אויב דעביוטירן איז שוין גוט.

פאַרגעס נישט, מאַמעשי, צו באַרשטן דיינע האָר. דו טאָרסט נישט אַלט ווערן און נישט ווערן מיאוסער. באין אופן נישט. דער, וואָס וויל קען פיל באַווייזן.

דיין מאַרגאָט.

טייערע מאַרגאָט, ליבלינג פון מיין האַרץ!

דיין בריוו איז געווען אַן אומגעהייער וויכטיקער. צום גליק איז נאָך נישט צו שפּעט צו פאַרכאַפּן דאָס געפאַר, וואָס דראָט, איך האָב אַ געפיל, ווי כ׳וואָלט זען מיין ליב קינד

אונטער ודער פון א שווערן וואָגן.

זאָג מיר קיין זאַך נישט צו. דאָס איז איבריק. וואָס וועט העלפן דער צוזאָג? כ׳בין אָבער זיכער, אַז דו וועסט ווייטער נישט גיין מיט דעם וועג, וואָס וועט דיך פירן אַהער, ווו איך געפין זיך יעצט, דעריבער לאָמיר שוין קיינמאָל, קיינמאָל נישט מער רעדן דערוועגן.

געליבט מיידעלע! דיר און דיינע שוועסטערן האָב איך צו פאַרדאַנקען, וואָס דער צודעק פון מיין טרומנע וועט זיין באַלייגט מיט רויזן. אַלע ביימער ווערן יעצט גרין. גריס זיי, מאַרגאָט, גיב זיי אָפּ אַ גרוס פון מיר.

דו ביסט די יונגסטע. דעריבער קלער איך וועגן דיר נאָך מערער, ווי וועגן דיינע שוועסטערן,

דיין מוטער.

טייערע מאַמע!

ער האָט מיר צוגעזאָגט, אַז ער וועט „אַבסאָלוט רויק זיך פאַרהאַלטן (דו הערסט נישט ווי ער זאָגט דאָס צו?) און זיך קיינמאָל מער נישט אַריינמישן אין דיינע פאַראָרדנונגען.

גוט, וואס קיינער זעט נישט, ווי איך ווער רויט אויפן בלויזן געדאַנק דערוועגן. ער איז אָן קיין ספק בעסער און איידעלער פון אַנדערע. כ׳בין זיכער, אַז דו האָלסט אויך אַזוי. מסתמא יאָ, ווייל אין אַן אַנדערן פאַל וואָלסטו אים נישט אויסגעקליבן. עפּעס אַזוי ווי מיר וואָלטן געווען געהיים פאַרבונדן צווישן זיך. יעצט הויב איך אָן צו פאַרשטיין, פאַרוואָס איך פלעג אים אַזוי אָפט טרעפן אויפן וועג צו דער שול, צי איז דאָס נישט געווען קיין צופאַל. אפשר קלערסטו מאַמע, אַז איך רעד מיר צופיל איין, נאָר מיר דוכט זיך, אַז ער האָט מיך ליבער פון מיינע שוועסטערן, וואָס האָבן דאָך לגבי אים די זעלבע רעכט, וואָס איך. ס׳קען זיין, אַז איך איינע בין זיך משער וועגן וואָס דאָ גייט. דאָס איז אונזער ביידנס סוד. איך האָב פון אים נישט געפאָדערט, אַז ער זאָל קיינעם דערוועגן נישט דערציילן. איך האָב נישט קיין רעכט דערצו. הלוואי

זאָל ער וועלן פאַרהאַלטן דעם סוד איבער אַ קורצע צייט ביז איך וועל זיך כאָטש אויפלעבן מיט דעם געדאַנק. אין דער ערשטער רגע זענען מיר געווען דערפון שטאַרק געטראָפן, דאָס איז אָבער שנעל דורכגעגאַנגען. מיר האָבן זיך אָנגעשטויסן מיט בעכערלעך רענער־וויין. דיין בעכערל איז זיך געשטאַנען אויפן טיש און מיר האָבן געטרונקען פאַר דיין געזונט.

כ'האָב געוואָלט כאָטש איין מאָל אַרויסזאָגן דאָס וואָרט. וואָס איז זיך דאָ פאַראַן וואָס צו יאָגן, עס גייט דאָך נישט בלויז אינם וואָרט. ווי גוט דאָס איז, וואָס האָט דוקא אויס־געקליבן א י ם, און נישט קיין אַנדערן. כ'בין אָבער נישט זיכער, צי מאַרגאָט וואָלט אויך אים אויסגעקליבן. זיי זענען אַזוי שטאַרק נישט ענלעך צו זיך, אַז טייל מאָל קומט מיר אויס, אַז ער דול־דעט זי נישט ספּעציעל דאַמאָלט, ווען זי רייצט זיך מיט אים. פאַרשטענדלעך, אַז ער האָט מיר קיינמאָל נישט דערציילט דער־וועגן, נאָר איך זע איין, אַז ער וואָלט געווען גליקלעך, ווען ער קען אַרומפאָרן מיט מיר און מיר אַ ביסל ווייזן די וועלט. אין מאָנטעפּעליער וווינט אַ רייכער סוחר, וואָס האָט אים פאַר־בעטן אויף אַ לוסט־רייזע מיט זיין אייגענע יאַכט־שיף איבערן מיטלענדישן ים. שטעל דיר פאָר, ווי גליקלעך ער וואָלט גע־ווען, ווען ער קען אַ זאָג־טון „איך נעם מיט מיט זיך מיין ט....ר" איך וויל אָבער טראָגן דיין נאָמען, וואָס כ'האָב באַקו־מען פון דיר און איך וועל זיך קיינמאָל נישט שיידן מיט אים. ער איז פאַר מיר אַזוי טייער, ווי דאָס גאָלדענע קייטעלע, וואָס איך האָב פון דיר באַקומען. מאַמע, זאָג, צי האָלסט דו נישט, אַז איך האָב זיך געענדערט? אפשר נאָר אַביסל? איך קען מיר נאָך אַליין נישט אָפּגעבן קיין דין וחשבון. איך פיל היינט יע־דע זאַך אַנדערש; עפּעס מילדער, פיינער. דאָס איז געשען גאַנץ פשוט: אָן ראָמאַנטיזם און פּאָעזיע, ווי איך וואָלט דאָס שטאַרק וועלן, דאָס איז דאָך אָבער נישט אָפּהענגיק פון אונז. ער האָט געהאַט אַ בראַנכיט און אילזעביל האָט מיך געהייסן צוגיין צו אים, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער ליגט אין בעט— און זיך דערוויסן, וואָס ער מאַכט. כ'האָב געהאַלטן, אַז דאָס פּאַסט

אפשר נישט; דאָך בין איך אַהינגעגאַנגען. ער איז געזעסן און צוגעגרייט פאַרשידענע טאַבעלעס אויף שמאָלע שטיקלעך פאַפיר, וואָס דו קענסט שוין מסתמא. עס איז אים געווען שטאַרק אומבאַקוועם צו דערלאַנגען מיט דער האַנט צום טיש. איך האָב אים דערין צוגעהאָלפן. ער האָט אַפילו געוואָלט, אַז איך זאָל עסן אין עס-צימער, אָבער איך האָב געהאַלטן, אַז אויב כ׳האָב שוין דערלויבט באַזוכן אַ מאַן וואָס ליגט אין בעט, מעג איך שוין עסן מיט אים צוזאַמען אויך, אמת, מאַמע? עס איז געווען אָנגעהויער אַנגענעם. ער פאַרזאָרגט יעדער קלייניקייט פרייער און ער מאַכט דאָס אַזוי סובטעל, אַז קיין זאַך איז נישט אָפּהענגיק פון קיין צופאַל. מיר האָבן גערעדט דערוועגן, אַז עס איז זייער נישט באַקוועם צו זיין שטאַרק איבערקלויבעריש אין עסן. ער האָט אַ זאָג געטון:

— דאָס איינציקע מאכל, וואָס איך פאַרטראָג נישט איז מאַננע. כ׳האָב זיך שטאַרק צעלאַכט, ווייל צופעליק האָב איך אויך שטאַרט פיינט אָט דידאָזיקע זופּ. מיטאַמאָל איז ער שטיל געוואָרן און זיך שטאַרק פאַרטראַכט. איך האָב שוין מורא געקריגן, אפשר בין איך באַגאַנגען אַן אונטאַקט מיט די רייד. אויף צו מאָרגנס, דאָס איז געווען אייערנעכטן — דינסטיק איז ער שוין נישט געלעגן אין בעט, אָבער ער איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן געזונט. מיר האָבן באַקוקט פאַרשידענע מאַרקעס און איך געדענק נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען און מיר האָבן אָנגעהויבן רעדן וועגן גימינאַסטישע איבונגען. איך האָב אים דערציילט, אַז איך קען בשום אופן נישט אַרויפדראַפּען זיך אויף דער העכסטער שטופּע פון דער טורן-לייטער. די הענט הייבן מיר אָן וויי צו טון. אויף מיינע רייד האָט ער מיר געענטפערט:

— איך וואָלט אויך ליבערשט באַשטאַנען אָפּצוטון די שווערסטע אַרבעט, איידער אַרויפקלעטערן אויף דער טורן-לייטער.

ווען דו, מאַמע, זאָלסט זען, ווי ער האָט זיך פאַרויטלט ביי די ווערטער. איך האָב נישט געוווּסט, וואָס איך זאָל דאַמאָלט טון מיט זיך, דאָס איז געווען אַ שרעקלעכע רגע. מיט-

אַמאָל האָב איך אַלץ פֿאַרשטאַנען. איך ווייס אַליין נישט ווי־אַזוי, נאָר איך האָב דאָס פֿאַרשטאַנען. ער האָט אַרויפֿגעלייגט זיינע הענט אויף מיינע אָרעמס און אַ זאָג געטון.

— דו ביסט זייער טרויעריק דערפֿון, וואָס האָסט זיך דערוויסט?

מער האָט מען דערוועגן נישט גערעדט; אַפֿילו שפּעטער אויך נישט. אגב, האָב איך געוואָלט נאָך נעכטן אָנשרייבן דער־וועגן, נאָר אַזוי ווי איך האָב נאָר גענומען די פֿעדער אין דער האַנט אַריין, איז מיר געוואָרן עפּעס אַזוי מאָדנע. ווי גליקלעך, מאַמעשי, וואָלט איך געווען, ווען דו וואָלסט מיט אים חתונה געהאַט, ווען מיר זענען נאָך געווען קליינע קינדער. האָבן אַזאַ מאַמען און אַזאַ פֿאָטער... איך קען נאָר נישט פֿאַרשטיין דעם פֿאַקט, פֿאַרוואָס מיר אַלע דריי האָבן זיך פֿריער נישט משער געווען. יעצט איז דאָס אַלץ אַזוי קלאָר פֿאַר מיר. ס׳איז אפשר אַ גרויסער עגאָאיזם פֿון מיין זייט, וואָס איך שרייב דיר אַזוי פֿיל דערוועגן אין אַזאַ קורצע צייט פֿאַר מאַרגאָטס אַרויסטריט. ווי שיין דאָס איז פֿון דיין זייט, וואָס דו האָסט אים די גאַנ־צע צייט ליב געהאַט. כ׳האָב אָבער אַ טעות, ס׳איז פֿאַראַן אַ צווייטער און דערמיט פֿאַרלירט דאָס אַ טייל פֿון דער שיינהייט. מאַרגאָט האָט לחלוטין נישט קיין טרעמע. זי זאָגט, אַז זי רעכנט זיך נישט מיט דעם קאָנצערט צוליב דעם, וואָס דו וועסט נישט זיין דערביי. זי פֿאַרווערט אונז צו שרייבן דיר דערוועגן, ווען אַפֿילו ער זאָל זיך איינגעבן ווי אַמבעסטן.

דער פּעטער פֿרעבען איז שטאַרק אויפֿגערעגט. יעדן טאָג פֿאָרט ער מיט מאַרגאָטן שפּאַצירן אויף פֿערד. דאָרט נויט ער אַריין אין איר עפּעס עסן. אָפּט עסן זיי ביינאַנד אין דער בוד־קע „דער האָלצהעקער" — אַ נישט שטאַרק עלעגאַנטער רעסטאָ־ראַן. כ׳האָב געהערט, אַז עס איז דאָרט פֿאַראַן נישט קיין שלעכטע מאכלים. דעם פּעטער פֿרעבענס מוטער איז געווען שטאַרק געגן מאַרגאָטס עפֿנטלעכן אַרויסטריט. ווען מאַרגאָט שפּאַרט זיך אָבער איין, איז פֿאַרפֿאַלן, מוז זי אויספֿירן. איך באַהאַלט פֿאַר איםם אַן איינציקן סוד — אַז איך לייג מיר־

אַליין זוילן אויף מיינע שיך. דאָס איז אפשר נאַריש, נאָר איך שעם זיך אים דאָס אויסצוזאָגן.

טרעף, ווי דוכט זיך דיר, ווי זענען מיר געווען דעם דינסטיק ביינאַכט? מיר האָבן זיך געהאַלטן פאַר די הענט, שטייענדיק הינטער דיין מויער, ס'איז אונז געווען אומגעהויער גוט ביינאַנד.

יעצט האָט זיך אַלץ געענדערט פאַר מיר. איך קוק אויף דער וועלט גאָר מיט אַנדערע אויגן. אַנטשולדיק מיר פאַרן איבערטרייבן. נאָר כ'האָב אַן איינדרוק, אַז דאָס לעבן איז געוואָרן פאַר מיר עפּעס ברייטער און שענער.

הארציקע ווערטער פון ליבע
דיין טאַכטער מאַטטעאַ.

טייערע מאַמעשי!

צי דערקענסטו נישט באַלד אינם ערשטן אות, אַז מיין געוויסן איז נישט ריין? פון מאַטטעאַן האָב איך שוין געכאַפּט אַ חלק און ווען איך וואָלט זיי נאָר איין וואָרט דערציילט פריער, וואָלטן זיי מיר קיינמאָל נישט דערלויבט אויף אַזאַ זאַך. איך פייף אָבער אויף זייער כּעס. דער עיקר, דו זאָלסט נישט זיין אין כּעס אויף מיר.

צי קענסטו דיר פאָרשטעלן, אַז עמעצער זאָל עפּנטלעך אַרויסטרעטן און די אייגענע מאַמע זאָל דאָס נישט הערן? זיכער נישט! יעדער האָט דאָס רעכט אָנצוקומען צום קעניג. אויב נישט, וואָלטן דאָך נישט עקזיסטירט קיין אויפנאַם-שעה'ן פאַר פרעמדע. ליזע האָט מיר אונטערגערוקט דעם געדאַנק, דערציילנדיק, אַז ביים היינטיקן טאָג שרייבט ער מיר נישט אונטער קיין טויט-אורטייל. אַגב, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז לכּבוד זיין געבורטסטאָג האָט ער באַפרייט אַלע אַרעסטאַנטן. איך שווער דיר, מאַמעשי, אַז איך בין נישט פּעיִק צו אַזעלכע געדאַנקען, דו קענסט דאָך מיך גוט. נאָך דערצו, ווען דו אַליין האָסט זיך איבערגעגעבן אין די הענט פון דער גערעכטיקייט. מיר בעטן קיינעם קיינמאָל נישט וועגן דער מינדסטער טובה. ס'איז דאַ

אָבער געגאַנגען אָן אַן איינציקן אָוונט, דעם אָוונט פון מיין קאָנצערט, צי בין איך דען אויסן געווען עפּעס שלעכטס?

פונם פּעטער ניעלס האָב איך אַרויסבאַקומען, ווער עס איז דער שעף פון דער קאַנצעלאַריע. ער קען זיך דאָך מיט אַלע מענטשן. דער שעף איז געווען צו מיר אומגעהויער העפלעך. איך האָב אָנגעטון דיין גרויסן הוט, אַז קיינער זאָל נישט ווייסן וועגן דעם, וואָס איך גיי איצט טון. איך האָב אָבער פאַרגעסן צו נעמען די הענטשקעס. איך האָב זיי זייער פיינט צו טראָגן בשעת ס'איז וואַרעם, ווייל זיי קלעבן זיך צו צו די הענט. ס'איז מיר געוואָרן שטאַרק אומאַנגענעם, ווען דער שעף האָט מיר געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז בשעת אַן אוידיענץ דאַרף מען גיין אין הענטשקעס. 10 אַ זייגער האָט ער מיך געהייסן צוקומען אינם שלאָס. דער קעניג וועט שוין ווייסן דערוועגן פון פריער און דער ענין וועט שוין זיין אַן אָפּגעשמועסטער. וועסט מיר גלויבן, אַז פול מיט קוראַזש בין איך אַהינגעגאַנגען קיין אַמאַליענבורג? איך בין געווען אין אַ פייערלעכער שטימונג. איך בין געגאַנגען צום שלאָס. ס'איז מיר געווען אַזוי ־מאָדנע אויפן האַרצן, ביז איך בין נישט צוגעקומען אויפן אָרט. ווען דו זאָלסט זען די קעניגלעכע פּאַזשן, וואָס האָבן זיך דאָרט אַרומגעדרייט? זיי זענען געלאָפן אַזוי שנעל, אַז די מונדירן האָבן מיר געשווינדלט אין די אויגן, דאָ אין איין זייט זאָל און דאָ אין דער צווייטער זייט. איך האָב מיטגענומען מיט זיך אַן אַפּיש, כּדי דער קעניג זאָל נישט מיינען, אַז איך נאַר אים אָפּ. זיי נישט בייז אויף מיר, מאַמעשי! איך האָב מיר אויסגעבאָרגט דיין גרינעם קאָסטיום, כּדי איך זאָל גיכער אויסזען ווי אַ דערוואַקסענע. דער שעף פון דער קאַנצעלאַריע האָט פריער גערעדט מיטן קעניג און האָט מיך באַרויקט, איך זאָל פאַר קיין שום זאַך נישט קיין מורא האָבן. אויך אַן איינפאַל! איך האָב דערזען דעם קעניג. ער איז געשטאַנען ביים טיש, ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט און איך האָב געזען, אַז ער ווייס שוין וועגן מיין ביטע צו אים. איך האָב נישט געדאַרפט אים זאָגן קיין איין וואָרט אַפילו. ער האָט זיכער אַן אַנצי־

קלאָפּעדיע אין וועלכער עס זענען פאַראַן אַלע נייעסן. ער איז גאָרנישט געווען אָנגעבלאָזן און דערמאָנט נישט מיט זיין האַל־טונג אָן קיין פּאָליציאַנט אָדער אַ פּאָרטיער פון קינעמאַטאָגראַף. לײדער איז ער געווען צו מיר זייער אויפריכטיק און האָט מיר פאַרטייטשט, אַז דאָס וואָלט געווען פאַר דיר אַ פרישער קלאַפּ, ווען נאָך אַ קאָנצערט וואָלסטו געמוזט צוריקגיין אין תּפיסה אַריין קיין כריסטיאַנסדאָרף און מיר — אַהיים. ווען נישט דאָס, בין איך זיכער, אַז ער וואָלט דיר דערלויבט. ער האָט געזען, אַז ער האָט צו טון מיט מענטשן, וואָס ברעכן נישט זייער ערנוואָרט. איך וואָלט עס געגעבן פאַר דיר, אַז דו וועסט נישט אַנטלויפן. ווען ער האָט מיר דערציילט, אַז ער פרייט זיך צוליב מיין קאָנצערט, האָב איך געהאַט חשק אים צו שענקען אַ בילעט. כ׳האָב מיך אָבער באַלד באַקלערט, אַז דער קעניג האָט געצוג געלט און קען זיך קויפן אַ בילעט. צי איז דאָס געווען אַ קליינקייט פון מיין זייט? אַגב, האָט ער מיך געפרעגט, צי איך וואָלט נישט געוואָלט אָנטאָן אים מיט דער קעניגין דאָס פאַרגעניגן און נאָכן קאָנצערט עפּעס שפּילן פאַר זיי אינם שלאָס אַמאַליענבורג? ס׳איז מיר שווער געווען זיי אָפּצוזאָגן. זיי זאָלן נאָר זיין מוזיקאַליש! אפשר וואָלטן זיי ליבערשט געוואָלט הערן פון אקארינע אָדער אַ קאַטאַרינקע?

איך וואָלט אויף זיכער נישט דערמאָנט דערוועגן קיין איין וואָרט, נאָר צופעליק האָב איך זיך צוריקוועגס אָנגעשטויסן אויף מאַטטעאַן, און כ׳בין געווען אַזאַ נאַר, אַז כ׳האָב איר דערציילט וועגן דער גאַנצער מעשה: „דו האָסט נישט אין זיך אויף קיין האָר קיין טאַקט״! קיין שום אמתע דאַמע וואָלט דאָס נישט געטון. דו מאַכסט נאָר אונז לעכערלעך — אָט דאָס זענען געווען אירע ליבע רייד צו מיר...

איך וואָלט דאָס מיט פאַרגעניגן אָפּגעטון נאָך צוואַנציק מאָל, ווען איך זאָל וויסן, אַז דאָס וועט העלפן, דו זאָלסט קענען קומען אויפן קאָנצערט. גאָט זיי דאַנק, וואָס עס האָט זיך געפונען עמעצער, וואָס האָט זיך נישט געבייזערט אויף מיר:

— ביסט אַ וווּיל מיידל. דיין מאַמע וואָלט אויך אַזוי געטון.

— אמת, מאַמעשי.

ווי מאָדנע דאָס איז צו שפּילן צוזאַמען מיט אַן אָר-קעסטער. האָסט דעם איינדרוק, ווי וואָלסט געווען אַ פויגל, וואָס הענגט אינדערלופטן. דער טאָן גיט נאָר אַרויס אַן אַנדערן קלאַנג. און עס שפּילט זיך אַזוי גרינג. הלוואי וואָלט איך גע-קענט שפּילן יעדן טאָג מיט אַן אָרקעסטער! מיין פּראָפעסאָר זאָגט, אַז אין אַ פּאָר יאָר אַרום וועל איך פאַר יעדן קאָנצערט האָבן אַ טרעמע. דערווייל האַלט ער, אַז איך האָב אין זיך דרייסטקייט. כ׳האָב מורא ער קלערט, אַז איך בין הוצפּהדיק, דאָס טייטשט ער אָבער אויס מיט מיין עלטער. איך שיק תיכּף אַרויס פיר בילעטן: פאַרן דירעקטאָר, אינספּעקטאָר, פאַרן גלח און פאַר דער, וואָס שטייט ביי דער טיר. זאָל זי אויך אַמאָל האָבן אַ יום-טוב. אַ געוויסער הער האָט אונז פאַרבעטן נאָכן קאָנצערט אויף שאַמפּאַניער מיט אויסטערן. פאַרשטייסט אַליין, אַז כ׳האָב אים אָפּגעשיקט מיט גאָרנישט. מיין מאַמע קוקט קיינמאָל נישט אָן אַפילו קיין געבראָטענע הון און איך זאָל עסן אויסטערן? צום ערשטן צאָל אָפּ דיינע חובות.

איך פאַרשטיי, אַז מ׳קען דאָס נישט זאָגן צו אַן אייגע-נעם... נאָך דערצו ווען ער האָט אַזויפיל חן ווי מיין פ... איך האָב שוין נישט מער קיין געוויסנביסן. פונוואַנען, מאַמעשי, נעמסטו אַזויפיל זיסקייט אין דיין באַנעמונג?

דיין מאַרגאָט.

פּ. ס. אויב דער קאָנצערט וועט זיך מיר איינגעבן און איך וועל האָבן דערפאָלג, וועל איך קענען פאָדערן צען קאָראָן פאַר אַ לעקציע. פינף שעה אַ טאָג (איך מוז דאָך לאָזן אַפּאָר שעה אַ טאָג פאַר מיר) באַטרעפט 1500 קאָראָן אַ חודש, דאָס הייסט 18 טויזנט קאָראָן אַ יאָר, אַ חוץ קאָנצערטן! און אויב איך וועל נאָך קאָמפּאָנירן אַן אָפּערע, וועט דער דערפאָלג זיין גאָר גרויס! דו וועסט זען ווי שנעל מיר וועלן אָפּצאָלן אַלע אונזערע חובות. און דערנאָך וועסטו קריגן אַלץ, וואָס דו ווילסט

גאָר וועלן. פאַר דיר וועל איך קיין שום זאַך נישט קאַרגן.

געליבטע מאַמעשי!

עס ווילט זיך מיר וויינען פון פרייד. נאָכן אָוונטברויט האָב איך דורכגעטאנצט אויפן דיוואַן מיט מאַטטעאַן אַלע טענץ פון בראהמס. אילזעביל האָט אונז צוגעשפּילט. מאַמעשי, דו קענסט דיר נישט פאָרשטעלן ווי גליקלעך איך בין!

דו קלערסט אפשר, אַז דאָס איז צוליב דעם קאָנצערט? עס חלומט זיך מיר אַפילו נישט! איך פייף אויפן קאָנצערט און אויף דעם אַלעמען, וואָס מען שרייבט וועגן מיר. ווען איך זאָל גלויבן אין די אַלע ווערטער, וואָלט איך באַקומען אַ מאַניע פון גרויסקייט. ניין, דאָ גייט וועגן גאָר עפּעס אַנדערש, וואָס איז אַזוי וווּנדערבאַר און געטלעך, אַז איך בין גאָרנישט בכוח דיר אַרויסצוזאָגן. עפּעס אַזוינס, וועגן וואָס איך האָב אַזויפיל גע-חלומט. מאַמעשי! איך! איך וועל דיך באַזוכן! נישט אינגאַנצן גאָר כמעט. אַזוי ווי די, וואָס האָט געטראָגן אַ קלייד און דאָך געווען נאַקעט. זי האָט געגעסן, פאַסטנדיק דערביי. דו וועסט מיך הערן, הגם דו וועסט מיך נישט זען.

איר אַלע קוקט אויף אייער גלח און ער זעט אייך. איך וועל זיצן אין דער קירכע אויף אַן אַנדער אָרט. פון דאָרט וועל איך אייך נישט קענען זען און איר מיך אויך נישט. דיי-נע בגדים שרעקן מיך גאָרנישט, דאָס איז דערפאַר, ווייל דו טראָגסט זיי. איך בין זיכער, אַז דו ביסט איצט נאָך שענער, ווייל סחורה אין פּאַסן פּאַסט דיר זייער גוט.

אין לבנה-נעכט קען איך קיינמאָל נישט שלאָפן. איך ליג אויף און קלער. מיטאַמאָל איז מיר איינגעפאַלן אַ געדאַנק. איך האָב נאָך נישט געקאָנט תיכף אָנהויבן עפּעס טון, ווייל די באַאַמטע, די פּוילענצער שלאָפן נאָך אין דער שעה. דער אַמט געפינט זיך אין כריסטיאַנסבאָרג, באַלד לעבן דער ביבליאָטעק. איך האָב געזאָגט, אַז איך בין געקומען זיך דורכרעדן מיטן דירעקטאָר פון דער תפיסה. דער פּעטער ניעלס האָט מיך אויס-געלערנט, אז איך זאָל אַלעמאָל אָנהויבן פון דער העכסטער

אינסטאַנץ, אין דעם פאַל איז דאָס זער דירעקטאָר.

דוכט זיך מיר, אַז כ'האָב געוואַרט אַן אייביקייט ביז ער איז געקומען. כ'האָב זיך גענוי אַרומגעקוקט. די פענצטער גייען אַרויס אויף אַ הייפל מיט אַ קליין הייזעלע, ווי אין די מעשיות דערביי שטיין און אַ פיצעלע גערטנדל. אויף די ווענט זענען געהאָנגען זייער פיל בילדלעך. פון אָנהויב האָב איך געקלערט, אַז דאָס איז נאָר אַן אָנשטעל פאַר מענטשן. נאָר איינער אַ שרייבער, וואָס איז דאָרט געזעסן, האָט מיר געגעבן זיין ערנ-וואָרט, אַז די בילדלעך זענען אמתע, דאָס אַלץ זענען פאָטאָ-גראַפיעס פון די ערטער, ווו דו געפינסט זיך. אפשר איז דיין צימער אויך דאָרט געווען פאָטאָגראַפירט. קיין שום פנים האָט מען נישט געקאָנט דערקאָנען, ווייל אַלע זענען געשטאַנען אויס-געדרייט מיט די פנימער. איך האָב מיר נישט פאָרגעשטעלט, אַז די הייף זענען אַזעלכע גרויסע, און די צימערן: אַ טיש, אַ שטול, אַ בעט מיט אַ פאָלקע. איך קען נאָר נישט פאַרשטיין, פאַרוואָס מ'האָט אַזוי העסלעך אַריינגעמאַכט דאָס פענצטער, אַזוי הויך! פאַרוואָס טאָר מען נישט האָבן קיין בלומען? זיי שאָטן דאָך קיינעם נישט? אין דער אָרעמסטער שטוב מעגן דאָך זיין בלומען! ווי עס ווייזט אויס, איז דער פאַרבאָט אַ געוויסע שטראָף פאַר אייך.

ענדלעך האָט מען מיך אַריינגעלאָזן צום דירעקטאָר. אַ שיין צימער, באַהאָנגען מיט פרעכטיקע בילדער. נישט אַלע בילדער זענען זיין אייגנטום, טייל וועלן געהערן צו דעם, וואָס וועט זיין נאָך אים. ער האָט אַלץ דערליידיקט זייער שנעל, נישט אַרויספרעדנדיק כמעט קיין איין וואָרט. ווי ס'ווייזט אויס מוזן זיי זיך היטן, אַז זיי זאָלן אַזוי-אַרום נישט גורם זיין, אַז מ'זאָל קענען אַנטלויפן. כ'האָב געבראַכט אַ פּאָר רויזן פון אונזער גאָרטן. ער האָט מיר דערויף געענטפערט, אַז ער קען דערפילן מיין ביטע, נאָר ער מוז זיך פריער דורכרעדן מיטן אינספעקטאָר. כ'האָב אים געענטפערט, אַז אַ דירעקטאָר האָט מער מאַכט ווי אַן אינספעקטאָר און אַז איך וועל שטאַרבן, איב ער וועט מיר אָפּזאָגן. ער האָט גענוי געוווּסט, אַז די

ווילסט נישט מיר זאָלן דיך באַזוכן. ער האָט מיך זייער גוט פאַרשטאַנען. אין מיין אָנוועזנהייט האָט ער אַריינגערופן דעם אינספעקטאָר און אַלץ איז געוואָרן דערליידיקט. ער האט נאך נישט באַשטימט אין וועלכן טאג דאס וועט געשען, נאר שבת, איידער איך וועל אַרויספארן אויף אַ טורנע (ווי מאדנע דאס קלינגט), זאָל איך זיך דערוויסן. איך וואָלט מיט פאַרגעניגן אים אַרומגענומען דערפאַר. ער האָט מיר געזאָגט דערביי, אַז דער איצטיקער אינספעקטאָר איז זייער אַ פיינער מענטש און אַז עס גייט אייך פאַרהעלטניסמעסיק נישט שלעכט. און ווייסט, מאַמעשי, אַז אין פאַל פון אַ קרענק, ווערסטו איבערגעטראָגן אין אַ ספעציעלע צעלע פאַר קראַנקע, ווו עס געפינט זיך אַ פענצטער און מען באַקומט ספעציעל בעסער עסן. איך האָב אים פאָרגעהאַלטן, פאַרוואָס דו האָסט נישט דערהאַלטן מיין כאָנַנע־ביימל. ער האָט זיך פאַרענטפערט דערמיט, וואָס דאָס וואָלט געווען אַן אומרעכט אַנטקעגן די, וואָס האָבן גאָרנישט באַקומען. ער איז געווען גערעכט. איך האַלט, אַז אין יעדער צעלע דאַרף שטיין כאָטש אַ קליין ביימעלע, אַזוי ווי אין די שפּיטעלער. דאָרט געפינען זיך בלומען אין אַ צימער, ווו עס געפינט זיך אַפילו איין קראַנקער. אַלס אַן אָפּצאָל פאַר דעם כאָנַנע־ביימעלע, האָט ער מיר צוגעזאָגט אַזאַ זאַך: איך וועל מעגן באַזוכן די קוך... און אַזאַ צימער, ווו דו געפינסט זיך און אויך דעם הויף, וווהין דו גייסט שפּאַצירן.

פריער וועט גיין „לארגאָ״ הענדעלס. דאָס פאַרשטייט יעדער. דערנאָך פּאָפּער, דאָס קלינגט אויך נישט שלעכט און עס איז נישט שווער. ס'וועלן נאָך אפשר צוגיין אַ פּאָר תפילות און אַ קאָנצערט, כ'ווייס נאָך אַליין נישט וועמענס, דערוועגן וועל איך נאָך דורכרעדן מיטן פּראָפעסאָר. צום סוף, מאַמעשי, הער זיך איין, וועל איך שפּילן מיין אייגענע קאָמפּאָזיציע — די מיט די גלאָקן. זי איז זייער שווער, ווייל זי איז געשריבן מיט אַקאָרדן, פאַרשטענדלעך, אַז צוזאַמען מיטן אָרקעסטער וואָלט דאָס אַנדערש געקלונגען.

מאַמעשי, אין יענעם טאָג, ווען איך וועל צוקומען צו־

דיר, וועט מען דיר ברענגען פון מיר רויזן. די רויז וועט זיין דער אָנזאָג פון מיין קומען. אַ רויז... מאַמעשי! דו פרייסט זיך! אמת? זאַלבעדריט וועלן מיר גיין זי אָפּרייסן. איך האָב געטרוימט צו קומען אין טראַו, אין אייער קירכע אַריין, נאָר איך האָב מורא געהאַט דאָס פאַרצולייגן מיין דירעקטאָר. כ'האָב געקלערט, אַז ער וועט דאָס האַלטן פאַר אַ חוצפה און ער וועט שוין אויף קיין זאַך נישט דערלויבן. דאָס וואָלט שוין איצט אויסגעקומען זייער נאַריש, ווייל איך בין דאָך אַ דריטל פון אונז אַלעמען. מאַמעשי, אויב עמעצער וואָלט מיך געפרעגט, וואָס איך וויל בעסער: צי הערן קאָסאַלסן, אָדער דיר עפּעס שפּילן, ווי דוכט זיך דיר, וואָס וואָלט איך געענטפערט?

דיין מאַרגאָט.

טייערע, ליבע מאַמע!

וואָס וואָלט איך נישט גרייט געווען אוועקצוגעבן, אַז איך זאָל קענען זיין אויף מאַרגאָטס אָרט. דיר, דיר, איינציקע מאַמע, צו קענען פאַרשאַפן אַזאַ גרויסע פרייד!..

אין דער ערשטער שעה האָט מען נישט געקענט פון איר אַרויסבאַקומען קיין איין וואָרט. זי איז געזעסן אומבאַוועגלעך און געהאַט אַזוי פיל באַגייסטערונג אין די אויגן, ווי זי וואָלט קומען פון אַ הימליש לאַנד. אויף יעדער פראַגע האָט זי געשאָקלט מיטן קאָפּ און געענטפערט: „נאָך נישט יעצט, נאָך נישט!"

עפּעס אַזוי, ווי זי זאָל מורא האָבן, אַז עס זאָל זיך נישט פאַרלירן די גאַנצקייט פונם איינדרוק. דערנאָך, האָט זי פּאַמעלעך אָנגעהויבן דערציילן וועגן אַלץ. יעצט קענען מיר שוין אַלץ געננוי: די קוך, די קירכע און די לאַנגע קאָרידאָרן, ווו עס זענען בלויז פאַראַן טירן דורך וועלכע עס קען אַריינגיין נאָר דער היטער פון תּפיסה. דערנאָך אַ קליינע ביורקע, ווו עס אַרבעט אַ מענטש, וואָס האָט אין משך פון 25 יאָר געזען אַלע די, וואָס זענען געקומען און אַוועקגעגאַנגען... און אַ הויף, ווו עס איז געשטאַנען אַ פרוי, וואָס האָט געריבן

די הענט און שניי און דערנאָך באַהאַלטן אונטערן פּאַרטוך. אומעטום איז געווען אַזאַ מאָדנער, שאַרפער ריח, אַממייסטן האָט זי גערעדט וועגן דער קירכע. זי האָט געקענט הערן זייער געוויין. דער פאַקט, אַז זי האָט געפילט, ווי דו זיצסט, איז מסתמא געווען אַן אימאַגינאַציע.

יאָ, כ׳האָב שיער נישט פאַרגעסן: יאַננע האָט תנאים געשריבן מיט אַ לאָקיי פון אַמאָליע גאַס. אַ שיינער מענטש כאָטש אַ טיפּישער לאָקיי. די חתונה זאָל זיין נאָך ווייַנאַכט. כ׳וועל אויסגעפינען פאַר זיי עפּעס אַן אַנטשפּרעכנדע מתנה פון צווישן אונזערע זאַכן. זיי וואָלטן מסתמא געוואָלט עפּעס אַ שיינע זאַך און נישט צום טעגלעכן געברויך. ליזע האָט זיך שטאַרק באַליידיקט דערפאַר, ווייל זיי האָבן געטרוימט אויף דער עלטערע ביידע צו פאַרלייגן אַ פּענסיאָנאַט, הלוואי זאָל זיך פאַר איר געפינען עפּעס אַ מאַן. אגב, האָב איך דיר נאָך נישט געשריבן אַז דער הער ט. ס. קומט צו אונז זייער אָפט. יעדן זונטיק נאָכמיטאָג קומט ער צו אונז שפּילן אין שאַך צוזאַמען מיטן פעטער ניעלס. אָפט פאַלט ער אַריין צו אונז פאַרמיטאָג, ווען איך בין אַליין אין שטוב. ס׳איז היינט זייער שיין ביי אונז. אַממייסטן זיצן מיר צוזאַמען און רעדן נישט קיין וואָרט. נאָך זיין אַוועקגיין דערמאָן איך זיך שטענדיק אָן אַ סך זאַכן, וואָס כ׳האָב אים געוואָלט זאָגן. מאַמע, דו ווייסט אָט דער מענטש גאַרט אַזוי שטאַרק נאָך אַ ביסעלע פרייד פון לעבן!

איך וויל דיך אויספרעגן וועגן גאָר אַסך זאַכן, נאָר איך ווייס נישט, ווי אַזוי אָנצוהויבן. ס׳איז נישטאָ קיין שרעקלעכערע זאַכן, ווי צו באַעוולהן יענעם.

מאַרגאָט האָט געשפּילט אויסשליסלעך פאַר דיר; גאָט זיי דאַנק, וואָס אויך אַנדערע אָרעמע מענטשן האָבן זי געקאָנט הערן. מאַרגאָט האָט די נאַכט געהאַט אַביסל היץ. היינט איז זי שוין אינגאַנצן געזונט.

האַרציקע גרוסן

פון דיין געטרייע אילזעביל.

איין טיר האָט געפירט רעכטס, די אַנדערע לינקס. איך בין געגאַנגען אין דער צווייטער זייט. נאָך דערפאַר, וואָס כ׳האָב געהאַט אַ טעות, האָב איך זיך שטאַרק געענדערט. אויס־ערלעך און אינערלעך. פאַרוואָס אָבער האָב איך זיך טועה גע־ווען? ווער האָט מיט מיר דאַמאָלט געפירט? אפשר דער גורל? און אפשר גאָט?

יעדן פרייטיק עסט מאַטטעאָ מיטאָג ביים פעטער ניעלס, ווייל דערנאָך קומט פאָר אַ זיצונג אין פילאַטעליסטן־קלוב. מאָרגאַט איז אַוועקגעגאַנגען מיטן פעטער פרעבען אויף פרישע דאָרשן צום „האָלצהעקער”. כ׳בין אַליין געזעסן אין שטוב און צעהאַקט אַ געלעכצל פון אַן איי. לויטן קלונג האָב איך דער־קאָנט ווער עס גייט. כ׳האָב פונקט געטראָגן די אָפּגעגעסענע אַרבעלעך פאַרלייגט ביי דער אַרבעט און דאָס האָט אים פאַר־שאַפן אַ סך פאַרגעניגן. ער האָט מיך געבעטן, אַז איך זאָל יעצט מער נישט קאָכן קיין מיטאָג, ווייל מיר וועלן עפּעס עסן אויפן דאַמפער. כ׳בין דערויף באַשטאַנען. כ׳ווייס נישט ווי אַזוי דאָס איז געשען און מיר זענען צוגעגאַנגען צו דיין הויז דאָס איז דערפאַר, ווייל אַלע וועגן פירן צו דיר. מיט די הענט האָט ער זיך אָנגעשפאַרט אָן דעם מויער, אַזוי ווי ער זאָל אָנרירן מיט די הענט אַן אויסגעלאָשן אויוועלע, רעכנענדיק דערביי, אַז ער וועט זיך נאָך קענען אָנוואַרמען דערביי.

אויפן דאַמפער האָט מען עפּעס אַ ריר געטאָן נישט פאָר־זיכטיק ביים פייער, און עס איז געוואָרן אַ שרפה. איין מענטש איז אַ פאַל געטון אויף דער דעק אַ פאַרוואונדעטער, כ׳האָב נישט געטאָרט קוקן אויף אים, כ׳האָב געדאַרפט צוואַרטן אין דער קאַיוטע. דאָס האָט אָבער געדויערט אַזוי לאַנג, אַז כ׳האָב זיך נישט געקאָנט דערוואַרטן און כ׳האָב געוואָלט אַרויס אויפן דעק. און דאַן איז געשען אַ מאָדנע זאַך: אָנשטאָט אין איין זייט, בין איך געגאַנגען אין אַ צווייטע זייט. אין דער ערש־טער רגע האָב איך געוואָלט זיך אומקערן, ווי כ׳האָב דערזען אַ בעט. נעבן בעט אויפן טישעלע האָב איך אָבער באַמערקט

נאָך עפּעס. אין דעם זילבערנעם רעמעלע, וואָס כ'האָב דיר געשאָנקען צום געבורטס-טאָג, איז געשטאַנען מיין בילד. מאַ-מע! מיין פאָטאָגראַף!

איך קלער, אַז נאָר פאַרן אַנטגילטיקן משפּט, ווען טויטע וועלן אויפשטיין תחית המתים און די ערד וועט זיך עפענען, קען מען האָבן אַזאַ געפיל, ווי איך האָב דאַמאָלט געהאַט. מיין פאָטאָגראַף! נישט מאַטטעאָס, נישט מאַרגאָטס... נאָר מיי-נע! איצט דאַרפסטו מיר שוין גאָרנישט מער זאָגן, איצט ווייס איך שוין וועגן אַלעמען.

איך פאָדער נישט, טייערע, קיין פאַרענטפערונג פון דיר, נאָר דו ביסט שוין נישט אין מיינע אויגן דיזעלבע, ווי דו ביסט געווען. ביסט נישט חלילה ווייניקער גוט אָדער ווירדיק. נאָר ביסט אַן אַנדערע. — אילוזעביל, ווו ביסטו? — האָב איך דערהערט.

כ'האָב נישט געקאָנט ענטפערן. ער איז אַריינגעקומען. ער האָט געקוקט אויף מיר און דערנאָך אויף דער פאָטאָגראַפ-יע, ווייטער אויף מיר און ווידער אויף מיין בילד

— קום, דאָס עסן וועט קאַלט ווערן.

מ'האָט נאָך אַפילו נישט געהאַט געגרייט צום טיש, ער האָט מיר געוויזן אַלץ, וואָס ער האָט געהאַט איינגעקויפט. מיט קיין איין וואָרט האָט ער נישט דערמאָנט דערוועגן, וואָס עס איז געשען. מיר זענען אַהינגעגאַנגען צופוס.

ביי דער פורטקע פון גאָרטן האָט ער געזאָגט:

— אַ פרוי קען אַמאָל ברעכן דאָס וואָרט, אָבער אַ מאַן מוז עס אייביק האַלטן!

ער האָט צוגעזאָגט צו שווייגן, ער האָט טאַקע גאָרנישט דערציילט. דאָס בין איך דאָך אַריינגעגאַנגען אין די צווייטע טיר.

מאַרגאָט און מאַטטעאָ שלאָפן שוין. כ'וואָלט זיי וועלן פאַרהיטן דערפון, וואָס איך האָב היינטיקער נאַכט איבערגעלעבט ווי אויך פאַר דעם, וואָס איך ווייס, דו ביסט געווען די וואַנט צווישן אונז. קלער נישט, טייערע, אַז איך וויל דיך משפּטן,

איך בין גאָר ווייט דערפון. דו האָסט געהאַנדלט אַזוי, ווי דו האָסט געהאַלטן פאַר ריכטיק און האָסט געקלערט, אַז דו ביסט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דיינע מעשים, ס׳קען זיין, אַז אין דיין עלטער, וועל איך אויך אַזוי טראַכטן.

אויפן וועג אַהיים, האָב איך אַזוי פיל געקלערט, אַז איך האָב באַשלאָסן פעסט אַפילו נישט אָנפרעגנדיק זיך ביי דיר, אַט וואָס: דער טאַטע קען לענגער נישט בלייבן אַליין. דו האָסט אים נישט ליב אויף אַזוי פיל, אַז דו זאָלסט וועלן זיין מיט אים צוזאַמען. אַלזאָ וועל איך גיין צו אים. איך קען נישט זאָגן, אַז דאָס איז אַזאַ ספּעציעלע פרייד פאַר מיר. איך בין אַריין נישט אין די טיר, ווו איך האָב באַדאַרפט און דערפאַר בין איך געוואָרן אַן אַנדערע.

דו האָסט מאַטעאַן, מאַרגאָטן און... דיינע פריינט.

ער האָט קיינעם נישט.

אַנטשולדיק, אויב כ׳האָב דיר אָנגעשריבן עפּעס, וואָס האָט דיר פאַרשאַפט צרות.

דיין טאָכטער אילזעביל.

קינדער געליבטע!

אַ דאַנק דיר, מיין קליינע מאַרגאָט, פאַר דער רויז, פאַר דיין שפּילן און דיין ליבע. אייך דאַנק איך אויך. אָבער ווען די טרומנע איז שוין אַראָפּגעלאָזן אין קבר אַריין און צוגעשאָטן מיט ערד, איז שוין פאַר די מתים קיין שום רעטונג נישט פאַראַן, כאָטש זיי וואָלטן וועלן דעם צודעק צעשפּאַלטן מיטן קאָפּ. זיי וועלן זי שוין מער נישט קענען עפענען.

אַוועקגייענדיק פון אייך, האָב איך אייך געבעטן:

— ערלויבט מיר אַליין אַוועקצוגיין! איך בין אַליין אַוועק פון אייך, דערנאָך האָב איך געבעטן:

— קומט נישט צו מיר! איר זייט טאַקע נישט געקומען, יעצט בעט איך אייך: שרייבט צו מיר אין פאַל, ווען ס׳וועט געשען עפּעס אויסערגעוויינלעכעס.

אייערע בריוו שפּיגלען אייך אָפּ אַזוי בולט, אַז איך

זע אייך פֿאַר זיך, ווי דאַמאָלט... ווען כ'האָב נאָך אַליין גע־לעבט אויף דער ערד. מתים גערן נאָך רו. אויף קיין קברים טאַנצט מען נישט, מיר זענען דאָ מתים; יעדער ליגט זיך אין זיין קבר. מיר הערן, ווי דער זייגער אויפן טורעם קלינגט און צווישן איין שעה און דער צווייטער געדויערט אַן אייבי־קייט. קיינער טוט אונז קיין שום עוולה נישט. מיר זענען נישט הונגעריק, נישט דורשטיק און ס'איז אונז נישט קאַלט. גע־שטאָרבענע דאַרפן שוין קיין זאַך נישט. נאָר לעבעדיקע קענען שרייבן בריוו צו זיך.

נישט פֿאַרשטייענדיק אַפֿילו מיין ביטע, בעט איך אייך, איר זאָלט זי דערפֿילן.

אייער מאַמע.

ליבע מאַמע!

אילזעביל און מאַרגאָט זענען זיכער קלוגער בעסער און אינטערעסאַנטער פון מיר. אָבער דער איינער, וועט מיך נע־מען אַזוי, ווי איך בין. יעצט וואַרט איך בלויז אויף דיין הסכמה אויף דעם באַשלוס, צו וועלכן מיר זענען דערגאַנגען נאָך לאַנגן און ערנסטן טראַכטן. ער וויל זיך אָפּזאָגן פון כאָסטן און מיר פֿאָרן אַרויס קיין אויסלאַנד. פֿאַרשטענדלעך, אַז עס הייסט נישט, איך זאָל זיך שיידן אויף אייביק מיט מיינע שטיפשוועסטערן. לגבי מיר זענען זיי נישט מער, צוליב דעם, וואָס מיר זענען נישט קינדער פון דעמזעלבן פאָטער.

איך וואָלט וועלן דערקאָנען מיין פאָטער, ווי אַמנענטסטן. מיר האָבן אַזוי פיל בשותפותדיקע אינטערעסן און עס דוכט זיך מיר, אַז ביי יעדער וויכטיקערער פראַגע זענען מיר מסכים איי־נער מיטן צווייטן. איך האָב נישט קיין שום מינדסטע טענה צו דיר, פאַרוואָס איך האָב זיך אַזוי שפּעט דערוווסט וועגן אַלע־מען. אַנדערשט האָט דאָס נישט געקאָנט געשען. קיין שום מאַ־מע, וואָלט נישט געווען אומשטאַנד אויסצוזאָגן אירע קינדער אַזאַ אמת. כ'בין דיר דאַנקבאַר דערפאַר, וואָס איך האָב זיך פֿייער אין קיין זאַך נישט משער געווען. איך האָלט, אַז דאָס

וואָלט געווען אַ גליק פאַר די שוועסטערן. ווען זיי זאָלן זיך קיינמאָל נישט דערוויסן וועגן דעם אמת, בפרט מאַרגאָט. איך דאַנק גאָט, פאַרוואָס מיין פאָטער איז גראָד דער, און נישט קיין אַנדערער מאַן. איך מוז דיר זאָגן, אַז ער איז פול מיט פאַרגע־טערונג פאַר דיר. איך וויל, מאַמע, אַז דו זאָלסט וויסן דערוועגן.

איך קען דיך מער נישט פאַרגעטערן, ווייל עפעס בונ־טעוועט זיך אין מיר. איך ווייס, אַז דו וועסט דאָס אָנרופן קליינבירגערלעכקייט. פאַרפאַלן איך בין אַזאַ, ווי איך בין.

דו ביסט געווען פאַר אונז אַ מוסטערהאַפטע מוטער. איך וועל דאָס קיינמאָל נישט פאַרגעסן. כ׳וואָלט זייער וועלן פאַר־בלייבן עטלעכע יאָר ווייט פון דענעמאַרק. אויב דו וועסט פאָ־דערן — וועל איך קומען. ווען דו וועסט אַהיימקומען, וועסטו האָבן מאַרגאָטן און אילזעביל. אַזוי־אַרום וועסטו נישט בלייבן אַליין. דער טאַטע אָנערקענט מיך פאַר זיין איינציקן יורש. ס׳איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז איך לאָז אַלץ איבער צו דיין דיספּאָזיציע.

מאַרגאָט איז אַוועקגעפאָרן מיטן פעטער פרעבען אויף אַ קאָנצערט־טורנע. אַמאָל וואָלט איך געהאַלטן פאַר אַ שרעקלעכן אומטאַקט. אָבער איצט פאַרשטיי איך, אַז עס האָט נישט געקענט זיין גאָר בעסער.

דער טאַטע הייסט, איך זאָל דיר זאָגן, אַז אויב דו וועסט אים ווען עס איז דאַרפן, וועט ער אַלץ לאָזן און בלייבן ביי דיר. אויב דו וואָלסט אונז געוואָלט באַזוכן אויף אַ געוויסע צייט, וואָלטן מיר זיך זייער געפרייט.

עס מאַטערט מיך דער געדאַנק, אַז דו ביסט דאָרט, ווי דו ביסט איצט, וואָס קען איך אָבער דערויף העלפן?

הארציקע גרוסן

פון דיין איבערגעגעבענער

מאַטטעאַן.

שטאָקהאָלם.

מיין געליבטע, טייערע מאַמע:

אַ דאַנק, אַ דאַנק, אַ דאַנק דיר. אַגב, ווייסטו נאָך נישט פאַרוואָס, נאָר באַלד וועסטו זיך דערוויסן. אַ דאַנק!

אוף! מיר האָבן שוין דערגרייכט אונזער גליק. אויפן צווייטן קאָנצערט האָט מען מיך פאַרוואָרפן מיט בלומען. כ'האָב אַ פולן קופערט מיט צוקערלעך, וואָס וועלן מיר זיכער קלעקן אויף אַ האַלב יאָר. כ'וועל זיי באַהאַלטן פאַר דיר. כ'האָב פאַרדינט היפּש געלט. אַלץ איז וווּנדערלעך דערפאַר, ווייל די אָנפירער פון דער גאַנצער זאַך איז ער און איך. די לעצטע נאַכט איז שוין געווען צוויי אַ זייגער און מיר האָבן נאָך אַלץ געשפּילט. מיר האָבן דאָס געמאַכט אַזוי שטיל, ווי צוויי גנבים, וואָס טוען אַלץ אָפּ אין די שקאַרפּעטן, כדי קיינער זאָל זיי נישט דערהערן. אַזוי שטיל האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געשפּילט. איך שטעל זיך נישט פאָר, אַז עמעצער, וואָס וואָלט געשטאַנען הינטער דער טיר, וואָלט געקענט עפּעס דערהערן. הלוואי זאָל זיך מיר נאָך איינגעבן צוצורעדן אים צו עפנטלעכע אַרויסטריטן. איך שטעל מיר נישט פאָר, אַז ער זאָל מסכים זיין. אַ גאַנץ פלעשל שאַמפּאַניער-ווייַן האָבן מיר אויסגעטרונקען פאַר דיין געזונט. די גרעסטע טייל האָט ער אויסגעטרונקען, ווייל איך פיל נישט דערין מער טעם, ווי אין סאָדע-וואַסער מיט צוקער. מיר זענען געזעסן אַקעגנאיבער דעם שפּיגל. איך האָב זיך גוט איינגעקוקט אין אונז ביידן, ווייל כ'האָב געוואָלט געפינען אַ וועלכע ס'איז ענלעכקייט צווישן מיר און אים; מיין שטערן און דער קנייטש ביים מויל, בשעת איך לאַך, איז טאַקע ענלעך צו אים. איך וואָלט וועלן וויסן, צי איליזעביל אָדער מאַטעאַ זענען מער ענלעך צו אים ווי איך. אפשר דערפאַר איז פאַר מיר אַזוי ווייניק געבליבן. ער האָט זיך שטאַרק פאַנאַנדערגעלאַכט. ווען כ'האָב אים געפרעגט, פאַרוואָס ער לאַכט, האָט ער זיך נאָך מער נישט געקענט איינהאַלטן, און תיכף דערנאָך, גאָט מיינער! — האָט ער אָנגעהויבן צו וויינען. עס איז ביי אים אויסגעקומען ווי ביי מיר, ווען איך בין שטאַרק אויפ-

גערעגט און נאָר אַ געוויין קען מיך בּאַרויקן, ווייל איך קען מיר שוין מער קיין שום עצה נישט געבן. ער האָט מיר בּשום אופן נישט געוואָלט אויסזאָגן די סיבה דערפון, איך האָב אים אָבער נישט אָפּגעלאָזן. דו קענסט מיך, מאַמעשי, דו ווייסט, אַז ווען איך וויל זיך עפּעס דערוויסן, וועל איך נישט אָפּטרעטן. פון אָנהויב בין איך נשתּומם געוואָרן, ווייל כ'האָב נישט פאַר־שטאַנען, צוליב וואָס איז דאָ פאַראַן צו וויינען, ווען עמעצער פרעגט נאָך וועגן אַן ענלעכקייט צווישן אַ פאָטער און קינדער. מיטאַמאָל, ווי מען זאָל מיט עפּעס געבן איבערן קאָפּ. איך האָב אַלץ פאַרשטאַנען.

מיין זיסע, געליבטע מאַמעשי. דאָס איז געווען באמת אַ געניאַלער אויפטו פון דיין זייט. איצט האָב איך אַ פאָטער אויסשליסלעך פאַר זיך אַליין. דוכט זיך, אַז פון פרייד בין איך אַרויפגעשפּרונגען אויפן טיש. ס'איז נישט וויכטיק, ווער זענען דאָס די איבעריקע, הגם איך האָב תּיכּף פאַרשטאַנען ווער...

איך האָב איצט אָפּגעטון עפּעס אַזוינס, וואָס מאַטטעאַ וואָלט אָנגערופן „אומדיסקרעציע״ און זי וואָלט געווען גערעכט. איך האָב אָבער געוואָלט אים איינבּרענגען אַן אַנטוישונג. כ'האָב אים דערציילט וועגן דעם בּריוו, וואָס דו האָסט אונז געשריבן נאָך פאַר דער אויספאָרשונג. אַ חוץ דעם האָב איך אים דער־ציילט, ווער עס איז פאַר דיר דער טייערסטער און דו האָסט אים ליב. בּאַלד פון אָנהויב האָב איך שוין געוווּסט ווער דאָס איז, הגם איך האָב אים נישט ליב. כ'האָב גוט געטון, וואָס כ'האָב אים דערציילט. דער פּעטער פּרעבּען איז אויך זיכער, אַז ער האָט דיך ליב (ס.), ווען נישט, צוליב וואָס־זשע וואָלט ער בּיי אונז אָפּגעזעסן שטענדיק און אויסגעזען אַזוי ווי ער וואָלט געזאָלט שטאַרבּן אין אַ מינוט אַרום. דאָס וואָלט נאָך צוגעפּעלט; מיר האָבּן זיך נאָך אָנגעליטן צוליב אים! וואָס וואָלט אויסגעמאַכט זיין חתונה האָבּן מיט דיר אַנטקעגן דער ...ווּלה, וואָס ער האָט אונז געטון? גאָרנישט!

ער האָט איינגעקויפט דעם מאַיאָראַט אין שוועדן (מסתּמא

כדי צו אַנגאַזשירן דעם פעטער פּרעבען אהין). איך האָב אָבער בעפּער ליב סאָפּילונד. אַזאַ קרעמערישע נשמה! האָב נישט קיין מורא, כ׳וועל זיך זייער גוט האַלטן, ווען מיר וועלן קומען מיט אַ וויזיט צו אייך.

שטעל דיר נאָר פאָר: מיינע קינדער וועלן קענען רופן זיין מוטער—„באָבע״. זי וויל מיט אונז מיטפאָרן נאָך לאָנדאָן, אָדער קיין דייטשלאַנד, אָפּהענגיק דערפון, ווי עס וועט אונז אויסקומען. ער זעט אויס נאָך צו יונג און מענטשן ווילן זיך נישט משער זיין, אַז דאָס איז מיין פאָטער. צוליב־דעם קענען זיי פארשידן קלערן. מיר איז עס אַבסאָלוט אַלצאיינס, נאָר איך מוז אַכטונג טון אויף מיין גוטן שם, צוליב דעם, וואָס זיין מוטער וויל אַזוי.

מיך מאַטערט איצט דאָס געוויסן צוליב מיין אייפערזוכט צו אילזעבילן און מאַטעאַן. דאָס איז געווען אַ שווינדעריי פון מיין זייט, וואָס כ׳האָב אים געוואָלט האָבן אויסשליסלעך פאַר מיר. איצט וועל איך זיין ספּעציעל גוט צו זיי.

איך האָב אַ פּרעכטיקן איינפאַל. ער לאַכט פון אים, נאָר סוף כל סוף אַזוי ווי איך וועל שטענדיק אַרומפאָרן, וואָלט איך נישט געקענט געבן מיינע קינדער אַזאַ דערציונג ווי איך וויל. זיי וועלן מוזן ווערן דערצויגן מוסטערהאַפט. דעריבער וועלן זיי בלייבן אונטער זיין השגחה אין סאָפּילונד. אַז דו וועסט חתונה האָבן מיט ס. און וועסט האָבן אייגענע קינדער, וועסטו נישט זיין אימשטאַנד אָן מיינע צו געדענקען.

ווי דוכט זיך דיר, צי וועט ער אַמאָל זיך אָנהויבן צו פירן ווי אַ דערוואַקסענער מאַן?

עס קומט מיר אויס אַזוי מאָדנע דער געדאַנק, אַז דו, מאַמעשי, האָסט געהאַט אַזש דריי מענער און ס. וועט זיין דער פערטער. אויב דו ווילסט מיך האָרכן, זאָלסטו קיינעם דערוועגן נישט דערציילן.

ווי גוט וועט דאָס זיין, אַז אילזעביל מיט מאַטעאַן וועלן זיך געפינען אין שטאָט אַ געשעפט. אַז עס וועט דיר נמאס ווערן אין שוועדן, וועסטו צוקומען צו זיי מיט אַ וויזיט. די

שוועדן אָרדענען איין אַממייסטן אויספלונן קיין קאָפּענהאַגן בשעת די יום-טובים. מאַמעשי, אַזוי ווי איך בין זיין טאָכטער, און ער וויל דאָס גאָר שטאַרק, בעט איך דיך, דערלויב צופאָרן אין מאָנטע קאַרלאָ! ווען אַפילו מיר וועלן דאָרט עפּעס פאַרשפּילן, וועל איך תיכף צוריקפאַרדינען דאָס געלט! איך וויל צופאָרן אין דער ד׳עסט-ווילל, כדי אויסצוגעפינען דאָרט דאָס פּיי-פעלע, וואָס ער האָט פאַרלוירן.

מאַמעשי טייערע! די וועלט איז פּרעכטיק! הלוואַי וואָלסטו שוין געווען פריי! עס איז געבליבן בלויז צען חדשים, זיי וועלן שנעל אַדורך. איך וואלט וועלן קומען נאך דיר אין אַ קאָרעטע, וואס וועט זיין אויסגעבעט מיט בלומען. אַ הוך דעם, וועסטו באַקומען אַ גאַנץ פעסל קאַוויאָר. דער פעטער פּרעבען זאָגט, אַז דו ביסט גרייט די נשמה צו פאַרקויפן, צוליב קאַוויאָר. (דו האָסט מיר קיינמאָל נישט דערמאָנט דערוועגן).

דער צווייטער, ער איז אָבער פאַראַן. אויף וויפל איך אָריענטיר זיך אין ליבעס-ענינים, וועסטו וועלן זיין מיט אים גאַנץ אַליין, פּונקט ווי איך מיטן פעטער פּרעבען, נאָך יעדן קאָנצערט. איך צווייפל אויך, צי איך וועל פּונקט אין יענער צייט זיין אין דענעמאַרק. אָבער דו האָסט דאָך אילזעבילן, מאַטמעאַן און אים. דאָס וועט שוין זיין אויך גענוג.

איך דאַנק דיר פאַרן איינפאַל צו געבן מיר אַ פּאָטער אויסשליסלעך פאַר מיר.

דיין געטרייע
מ אַ ר ג אָ ט.

טייערע געליבטע מאַמע!

איך מוז אומבאַדינגט היינט דיר עפּעס אָנשרייבן. דיין לעצטן בריוו האָב איך זיי נישט געוויזן. איך האָב דאָס נישט געקענט טון. דעריבער זיי אונז מוחל, אַז מיר שרייבן ווייטער צו דיר, הגם דו האָסט אונז דאָס פאַרבאָטן.

מאַרגאָט האָט די ערשטע אַ זאָג געטון:

„טאָמאַס סאָעלבערג דערמאָנט מיט זיך די ביימער פון „טראָלוואַלד״.

דו געדענקסט נאָך טראָלוואַלד? די צעקריפּלטע ביימער קריכן אויף דער ערד ווי ווערים. דער מערבדיקער ווינט האָט זי צוגעבויגן צו דער ערד און דער ווינט האָט אראָפּגעבלאָזן אַלץ פון זייערע נאַקעטע וואָרצלען. — פון דער רגע אָן, וואָס מאָרגאָט האָט דאָס אַרויסגעזאָגט, האָב איך ביי יעדעס מאָל, ווען ער איז אַהערגעקומען, ווי אַ בעטלער געפרעגט: „צי קען איך דאָ בלייבן אַ רגע״? אַ טראַכט געטון וועגן טראָלוואַלד. ער פלעגט דאָ אָפּזיצן גאַנצע שעה׳ן נאָר צוליב דעם, אַז די צימערן זענען דיינע. כ׳האָב געזען, וואָס עס מאַטערט אים. נאָך זיין אַוועקגיין האָב איך אָפט געוויינט, אַליין נישט וויסנדיק פאַרוואָס. ביזן היינטיקן טאָג איז מיר קיינמאָל נישט איינגעפאַלן, אַז איך וואָלט אים געקענט ראַטעווען און פאַרשאַפן אים אַ ביסל גליק. יעצט ווייס איך שוין דערוועגן. כ׳ווייס אויך דאָס, אַז כ׳בין גרייט אַוועקצוגעבן מיין לעבן פאַר זיין גליק. דו פלעגסט אָפט זאָגן: „אַלץ איז פאַרשריבן אין די שטערנס״! אינטערעסאַנט, צי דאָס, וואָס איז היינט געשען, איז אויך געווען פאַרשריבן אין די שטערנס.

ווען דו ביסט אַלט געווען צוואַנציק יאָר האָסטו זיך פאַרליבט אין דעם מענטש, וואָס איז געוואָרן מיין פאָטער. מיט צוויי יאָר שפּעטער האָסטו זיך ליב באַקומען מאַטעאָס פאָטער און אין דריי יאָר אַרום האָסטו ליב באַקומען מאָרגאָטס פאָטער.

דו וואָלסט איצט געקענט אים זאָגן: מיט דיר וועט דאָסזעלבע געשען. אין צוויי, פינף, אָדער צען יאָר אַרום וועסטו ליב באַקומען אַן אַנדערן מענטש.

איך קען דיר דאָס נישט פאַרלייקענען. אפשר איז דאָס שוין אויך פאַרשריבן אין די שטערנס, נאָר מיר קענען דאָס נישט אַרויסלייענען. איך וויל דאָס דיר נישט אָפּלייקענען צוליב דעם, וואָס כ׳וויל נישט, אַז דו זאָלסט מיך האַלטן פאַר אַ בעסערע פון זיך.

מאַמע, דו מוזט נאָך זיין אַ ביסל געדולדיק. ס'איז פיל שווערער אָנצושרייבן דאָס, וואָס מ'וויל, איידער דאָס זאָגן. פון אָנהויב האָט זיך מיר אויסגעדוכט, אַז איך האָב אויסגעשטעלט די געדאַנקען איינער נאָכן אַנדערן גלייך ווי פּערל אויף אַ שטריקל. דאָס שטריקל איז געפּלאַצט און אַלץ איז צעוואָרפן געוואָרן.

דו פאַרמאָגסט אַזויפיל עשירות, מאַמע. דו שטראַלסט אינ־גאַנצן מיט גליק. דיינע האָר און אויגן, דיינע הענט און דיין שמייכל — אַלץ אָטעמט מיט פרייד. דו ביסט אַ גאָלדן געוויקס, וואָס וועט נאָך אַ סך בלומען אַרויסגעבן. איך בין אַזוי אָרים, אין פאַרגלייך מיט דיר. איך קען קוים דערגרייכן אַן אייבציק בלימעלע, וואס הייסט „אומשטערבלעך".

קלער נישט, אַז עס איז עפּעס פאַרגעקומען, אייגנטלעך איז טאַקע גאָרנישט געשען. ס'איז קיין שום בייעס, אויסערדעם, וואָס כ'האָב דיר שוין געשריבן, אַז דער טאַטע קען מער נישט בלייבן אַליין. ווען דו וועסט נאָר צוריקקומען, וועל איך מיט אים אַוועקפאָרן.

איך בין יונג און וועל דאָס דורכווייטיקן, טאַמאַס סאָעל־בערג—דאָסזעלבע. איך בין נישט שטאַרק זיכער מיט זיך, נאָר ער וועט דאָס קענען דורכווייטיקן. איין זאַך קומט מיר אָן גע־וואַלדיק שווער: — איך קען בשום אופן נישט איבערגיין צום טאָג־אָרדענונג. צי גלויבסטו מיר, אַז איך האָב דיך שטאַרק ליב? דו גלויבסט דאָס אויף זיכער? אויב נישט, טאָר איך ווייטער צו דיר נישט שרייבן.

פאַרגעס נישט דערוועגן, אַז איצט שרייב איך נישט נאָר צוליב מיר. איך וואָלט געוועזן געמיין, ווען איך וואָלט נישט געקענט פאַר דיר בריינגען קיין קרבן פאַר דאָס גאַנצע גוטס, וואָס דו האָסט אונז געגעבן.

אויף וויפיל איך קען נאָר געדענקען איז יעדער טאָג פון אונזער צוזאַמענזיין געווען אַ יום־טוב. אַנדערע מענטשן גייען מיט אַ וויזיט צו יענעם, ווען זיי ווילן זיך פאַרווייל. מיר האָבן פאַרמאַכט די טירן און זענען געווען גליקלעך. קיינער

האָט אונז נישט געשטערט אינם געזאַנג און אינם טאַנץ.

איך דערמאָן זיך איצט אָן אַ גאַנצער ריי קלייניקייטן. יעדן טאָג, צום מיטאָג, פלעגן זיך אָנקומען די בינען אין גאָרטן אריין. זיי האָבן זיך געזעצט אויף די האָר אין די הענט. דו געדענקסט, ווי איינע האָט זיך געוויגט אויף מאַרגאַטס ברעם? אָבער די, וואָס פלעגן אונז אַראָפּזויגן די סמעטענע פון די ליפּן. אַנדערע מענטשן האָבן מורא פאַר בינען. דו האָסט זיי געקענט מאַכן היימיש און זיי זענען אַזוי־אַרום געוואָרן אונזערע פריינט. איך קלער וועגן אַזויפיל קלייניקייטן! אונזער פוס־אויספלוג אין די האַרץ־בערג! מיר האָבן דאַמאָלט געלאַכט אָן אַן אויפהער! דער פאַרוווּנדעטער פוס האָט אַזוי לאַכנדיק געמאַכט יעדע פון אונז, ווען זי האָט זיך נאָר איבערגעוועקט. מיר זענען דאַמאָלט שיער נישט געשטאָרבן פון הונגער, לאַכנדיק אַזוי כסדר. ביים היינטיקן טאָג, ווען איך פאַרמאַך די אויגן, קלינגט מיר נאָך אין די אויערן דיין געלעכטער. איך הער נאָך דעם קלאַנג פון די גלעקלעך ביי די קי, וואָס האָבן זיך דאַמאָלט געפּאַשעט אויפן פעלד. איך פיל נאָך יעצט דעם ריח פון די וואַלד־יאַגדעס.

ווען עס וועט קומען די שעה פון אַנטגילטיקן משפט און דו וואָלסט באַדאַרפט אָפּגעבן אַ דין־וחשבון פון דיינע חטאים, וואָלטן מיר זיך געשטעלט זעלבאַנדריט פאַרן געריכט און דערציילט וועגן אונזער קינדהייט. איך ווייס, וואָס עס וואָלט דאַמאָלט געשען.

איך זאָג דיר אָט די אַלע ווערטער נאָר צוליב דעם, כדי דו זאָלסט פאַרשטיין, ווי פּשוט דאָס איז פאַר מיר צו ברענגען יעדן קרבן פאַר דיר.

פאַר דיין גליקס וועגן...

איצט וויל איך רעדן אָפנהאַרציק. ווען דו, מאַמע, וואָלסט איס געטראָפן זייענדיק אַלט צוואַנציק יאָר, וואָלטן מיינע שוועסטערן קיינמאָל נישט געהאַט זייערע פאָטערס. ער וואָלט דיר געגעבן אַזויפיל גליק, אַז דו וואָלסט קיינמאָל נישט אַ טראַכט געטון וועגן קיין שום אַנדערן מאַן. צי וואָלטן מיר

דען געקענט אמאָל חלומען וועגן אַ בעסערער מאַמען ווי דו ביסט?

דאַמאָלט וואָלט ער דיך געקענט מאַכן גליקלעך. נאָר דאַמאָלט איז נישט היינט. איצט קענסטו שוין נישט זיין צו אים אַזאַ ווי דו ביסט געווען — נאָר אַזאַ ווי דו ביסט. נישט דיין „איך" פון יאָרן צוריק, נאָר דיין „איך" פון היינט — קענסטו אים אַוועקגעבן. גיב נאָר אַ קלער וויפיל דו האָסט שוין אַוועקגעגעבן פון זיך מיין פאָטער, מאַטטעאַס און מאַרגאָטס פאָטער? דאָס, וואָס דו האָסט שוין אַוועקגעשאָנקען, קענסטו שוין נישט צוריקבאַקומען. דו פאַרמאָגסט דאָס שוין מער נישט, ווייל דאָס געהער שוין נישט צו דיר. איך ווייס אָבער, אַז דאָס, וואָס איז דיר נאָך פאַרבליבן איז גאָך טויזנטער מאָל מערער, ווי דאָס, וואָס איך פאַרמאָג בכלל. דאָס אָבער ענדערט נישט די ווירקלעכע לאַגע.

דו קענסט מער נישט זיין גליקלעך מיט אים. איך מוז דאָס דיר אָפן זאָגן, מאַמע! — ער וועט אויך קיינמאָל נישט קאָנען זיין גליקלעך מיט דיר. אין גאָטטס ווילן, קלער נישט, אַז איך רעד דאָס אין זיין נאָמען. נאָך היינט, מיט זעקס שעה צוריק, האָט ער מיר געזאָגט, אַז זיין לעבן געהערט צו דיר.

ווען עס וועט קומען די באַשטימטע שעה, וועט ער וואַרטן אויף דיר פאַר דער פורטקע פון תפיסה און ער וויל דיך אָפּוואַרטן און דו וועסט אַרויסקומען צו אים... ביזן היינטיקן טאָג האָט ער געקלערט, אַז דאָס וועט זיין אַ גליק פאַר דיר און פאַר אים. יעצט הויבט ער אָן צו צווייפלען דערין.

און איך בין די סיבה דערפון: — איך. איך, מאַמע, האָב אַליין דערפירט דערצו. נישט מיט קיין שום מעשים, נאָר מיטן געדאַנק. דאָס איז נישט געשען דערפאַר, וואָס איך זאָל אים ליב האָבן און וועלן אים אַוועקציען פון דיר, איך פאָר דאָך סיי ווי סיי אַוועק. דער טאַטע קאָן מער נישט בלייבן אַליין. איך וועל זיך שוין מוזן באַאַרשן.

מאַמע, ער פאַרשטייט דיך נישט און איז לגמרי נישט פעיק דיך צו פאַרשטיין.

איך האָב אים מיטגענומען אויפן בית־עולם, כדי אויסצוזוכן דיין מאַמעס קבר. אפשר האָב איך דאָס אויך געטון דערפאַר, כדי צו זיין אַליין מיט אים. מיר האָבן זיך אַנידערגעזעצט נעבן אַ פרעמדן קבר, אויף אַ באַנק. צום ערשטן מאָל האָט ער גע־נומען רעדן אָפנהערציק צו מיר. און אפשר האָט ער דאָס גערעדט צו זיך אַליין? ער האָט געקויפט דאָס גוט דערפאַר, ווייל ער קלערט, אַז דו וועסט נישט האָבן קיין מוט דאָ ווייטער צו פאַר־בלייבן. אַזוי ווייניק קען ער דיך! ווען דו וועסט אָפּזיצן דיין שטראָף, וועט ער מיט דיר חתונה האָבן און דערביי לאָזן דיר די גאַנצע פרייהייט, וואָס די האָסט ביים היינטיקן טאָג. ער וויל דיר אין קיין שום זאַך נישט שטערן. אַזוי ווייניק פאַרשטייט ער דיך!

מאַמע, אין טראָלוואַלד איז פאַראַן אַ בוים און דו ביסט דער ווינד, וואָס בויגט עס כסדר צו דער ערד.

איך בין דיין קינד, וואָס האָט דיך ליב און וויל דיך נישט משפטן. אָבער זאָג, אַז איך פאַרשטיי דאָס אַלץ וואָס דו האָסט אין דיין לעבן געטון און אַז כ׳בין מסכים דערמיט, וואָלט איך דיך אָפּגענאַרט.

איך פאַרשטיי דיך אַזוי ווייניק — ווי ער!

ער געהערט צו די מענטשן, וואָס זענען נישט פעיק צו קיין שום פאַרברעכן. איך בין אויך אַזאַ. ווען איך זאָל זיין, ווי שטאַרק הונגעריק, וואָלט איך נישט געקאָנט צוגנבענען קיין ברויט ביים בעקער. איך ווייס, אַז אין דער אמתן זענען גערעכט די מענטשן, וועלכע באַציען זיך נישט אַזוי שטרענג צום לעבן. איך אָבער, קען נישט אַנדערש.

ווען מיר זענען אויפגעשטאַנען, האָט ער אַ קוק געטון אויף מיר. — איך ווייס, מאַמע, אַז דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל. ער האָט מיך בכלל צום ערשטן מאָל דאַמאָלט דערזען. פריער האָט ער געזען נאָר דיך. פריער בין איך געווען אילוזעביל — דיין טאָכטער און היינט בין איך אילוזעביל — אַליין פאַר זיך.

ער האָט אַ פרעג געטון: צוליב וואָס האָב איך דאָ אַלץ דערציילט?

אַזוי האָט ער געזאָגט, נאָר אין זיין בליק האָב איך אויס-געליינט גאָר עפּעס אַנדערש. מיר האָבן געקוקט איינער אויפן אַנדערן... און דערמיט איז שוין אַלץ געזאָגט געוואָרן.

איך האָב דערפילט זיינע געדאַנקען פונקט ווי ער— מיינע.

ביים געזעגנען זיך האָב איך אים געזאָגט: „ווי נאָר די מאַמע וועט אַהיימקומען, פאָר איך תיכף אַוועק, כּדי צו פאַרבלייבן צוזאַמען מיט מיין פאָטער.”

ער האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ.

טייערע, איך בין נישט געוווינט צו זאָגן קיין ליגנס, נאָר יעצט דוכט זיך מיר, אַז איך האָב דיך אָפּגענאַרט.

דעם בריף האָב איך אָנגעשריבן נישט צוליב מיר, נאָר צוליב אים.

איך האָב שטאַרק מורא פאַר איין זאַך. ווען דער שטורם-ווינד וועט אים צעברעכן און ער וועט שוין ווערן גאָר איינ-געבויגן, שרעק איך זיך, אַז דעמאָלט וועל איך דערפאַר דיך באַשולדיקן. איך וויל ליבערשט שטאַרבן, איידער צו פאַרמשפּטן מיין אייגענע מאַמען.

עס וואָלט געווען אַמבעסטן פאַר מיר, ווען איך קען תיכף אַוועקפאָרן צום טאַטן. פאַרשטענדליך, אַז איך וועל בלייבן אויפן אָרט ווי לאַנג דאָס וועט זיין נויטיק. מאַמע, איך בעט דיך שטאַרק, זאָלסט נישט זיין בייז אויף מיר פאַר אָט די אַלע ווערטער. איך האָב זיך מער נישט געקאָנט באַהערשן.

אילזעביל.

ליבע אילזעביל.

דיין בריוו איז נאָך אָנגעקומען צו דער ריכטיקע צייט. ס'איז נאָך נישט געווען צו שפּעט, אין אַ שעה אַרום האָט מען מיר געבראַכט אַ באַגנעדיגונג פונם קעניג.

אילזעביל, איך רעד יעצט נישט נאָר צו מיין טאָכטער נאָר אויך צו אַ פרוי; אַ פרוי, וואָס איז מיר לגמרי פרעמד. איך וועל יעצט נישט זען נישט דיך און נישט דיינע שוועסטערן. לעת עתה קען איך דאָס נישט. עס זענען פאַראַן פאַרשידענע סיבות דערצו. יעצט וועל איך וועגן זיי נישט רעדן. דו זאָגסט, אַז איך בין אַ

רייכע און אַ שטראַלנדיקע... אילזעביל, דו האָסט קיינמאָל נישט געזען קיין צימער פון אַ תּפיסה און קיין אָנטועכץ פון אַן אַרעס-טאַנט. נאָך אַ וואָך זיצן דאָ האָבן מיר אָנגעהויבן אַרויסצופאַלן די האָר אַזוי ווי, טויטע בלעטער פאַלן אַראָפּ פון אַ בוים. עס זענען דורך גאַנצע חדשים. איידער איך האָב באַקומען אַ שפּיגל. ווען כ'האָב זיך אָנגעשפּיגלט האָב איך דערזען, אַז כ'האָב באַקומען אַ גרוי פּנים און טרויריקע אויגן, פּונקט ווי די פענצטער פון תּפיסה. אילזעביל, איך בין געווען אין דער קאַלטער וועלט פון שאָטנס. פון דאַנען גייט מען אַרויס גאָר אַן אַנדערע, ווי מ'קומט אַריין. פון אָנהויב האָב איך געבענקט נאָך אַ שפּיגל און נאָך דעם ריח פון פּערפום. דאַמאָלט בין איך נאָך געווען, אַזוי ווי איר האָט מיך געקאָנט. דערנאָך האָב איך גענומען בענקען צו אַ מענטשלעך געלעכטער. דו קענסט דיר פאָרשטעלן, וואָס דאָס הייסט, אָפּלעבן גאַנצע חדשים לאַנג און דערביי קיין איין מאָל נישט הערן, ווי אַ מענטש לאַכט?

דו דאַרפסט נישט, צוליב מיר, ברענגען קיין שום קרבן; דאָס איז אינגאַנצן איבריק. זאָרג זיך נישט וועגן דיין פאָטער. איך האָב באַקומען פון אים אַ בריוו און וועלכן ער שרייבט מיר, אַז ער האַלט זיך ווייטער ביים געדאַנק התונה צו האָבן מיט מיר, ווען איך וועל נאָר באַשטיין. ביים היינטיקן טאָג זע איך נישט קיין שום סיבה, פאַרוואָס איך זאָל אים אָפּזאָגן. ער האָט דאָס גרעסטע רעכט צו מיר, צוליב דעם, וואָס ער האָט אַממייסטן געליטן פאַר מיר. יעצט וויל איך, ווי ווייט מעגלעך, אָפּצאָלן אים פאַר דעם אַלעמען. די שיף, אָדער בעסער געזאָגט, דער פּאָרט, ווו ער וועט זיך אָפּשטעלן, וועט זיין מיין צוקונפ-טיק הויז. איך האָב נישט בדעה צו בלייבן אַ לאַנגע צייט אָפּ-געזונדערט פון אייך. איך וויל אָבער, אַז אַביסל צייט זאָל דורכ-גיין ביז איך וועל זיך צוגעוווינען צוריק צום לעבן. זאָג מאַרגאָטן, אַז די גליקלעכסטע מינוט אין מיין לעבן איז געווען די, ווען כ'האָב דערהערט איר ערשטן ציטערנדיקן צי פון סמיטשיק. אַפילו זי דאַרף מיך אויך מער נישט האָבן. גריס האַרציק מאַטעאַן און זאָג איר, אַז זי דאַרף שוין מער נישט זאָרגן

פאַרן חוב. זי קאָן גאַנץ דרייסט אַוועקפּאָרן מיטן פּעטער ניעלס אין דער ווייטער וועלט אַריין.

און דו? אויף דיין גורל פאַלט אויס צו פאַרגיטיקן די צולה, וואָס כ'האָב געטון דיין טויף-פּאָטער און זיין זון. דער געדאַנק דאַרף נישט קלענער מאַכן דיין גליק, נאָר פאַרקערט, פאַרגרעסערן. כ'וואָלט וועלן, אַז איר זאָלט זיך באַגעגענען שטענדיק אין דער וויללע. דאָס איז אפשר אַ נאַרישער סענטימענט פון מיין זייט. און אפשר וועט איינע פון אייך וועלן פאַרבלייבן אין דער ווילע אויף שטענדיק?

זוכט נישט מער דעם קבר, איר האָט ביז יעצט אויך געזוכט בחנם. קיין מצבה איז דאָרט נישט פאַראַן. ווער האָט זי געזאָלט שטעלן?

אילזעביל, נישט יעצט, נאָר אין אַ פּאָר יאָר אַרום, אין אַ געוויסן אָוונט ביים זון אונטערגאַנג, זאָלסטו זאָגן דעם מענטש, וואָס האָט דיר געגעבן גליק און פאַר וועלכן, דו וועסט דאָס זיין, אַז... אָבער בעסער, זאָג אים גאָרנישט, אַזוי וועט זיין בעסער. און קורצן וועל איך שוין פאַרלאָזן דאָס אָרט. און די וועלט עפנט זיך פאַר מיר אויפסניי און איך וועל קענען גיין, וווּהין איך וועל נאָר וועלן. אָבער די צעלע, דאָס אָנטועכץ, די לופּט, די טעג און נעכט—דאָס אַלץ וועט נאָכגיין נאָך מיך צוזאַמען מיט אַלע מענשן, וואָס זענען געוועזן. זייערע טענות, זייערע קללות און זייער שלאָפלאָזיקייט. דאָס אַלץ וועט נאָכגיין נאָך מיר.

איך פיל נישט קיין הרטה. וואָס איז דאָס אַזוינס חרטה? איך פיל זיך גאָר נישט קיין בעסערע, ווי איך בין געוועזן. וואָס איז טייטש אַ בעסערע? איך האָב אָבער פאַרבראַכט אין דער אונטערערדישע, קאַלטער מלוכה פון שאָטנס. קיין שום זון וועט שוין מיך נישט קענען דערוואַרעמען.

איך בין געוועזן אַנדערע. נישט בעסער און נישט ערגער, נאָר נישט אַזוי, ווי איך בין געוועזן, אַן אַנדערע. אַזאַ, פאַר וועלכע, ס'איז אין ערגיץ קיין אָרט נישט פאַראַן.

לעב דיר, אילזעביל, מיט דיין אייגן לעבן, און זײ אַזוי גליקלעך, ווי מ׳קען נאָר גליקלעך זיין אויף דער וועלט.

דיין מאַמע

ווען דו וועסט דערהאַלטן דעם בריוו, וועל איך שוין דאָ נישט זיין. כ׳וועל זיך אַזוי לאַנג דרייען הינטער די מויערן, ביז דיין טאַטע וועט נאָך מיר צוקומען. זוך מיך נישט, אַזוי וועט זיין פאַר מיר אַמבעסטן!...

# סוף

